# הֶעלְדֶען פוּן דֶער צַייט

(דריי פארשוין)

עֶרצֶעהלוּנְג פוּן דִי 70-ער און 80-ער יָאהרֶען.

פון

## מ. סְפֶּעקְטָאר.



פערלאג „פּראגרעס" ווארשא



ווארשא

ע"תר

ГЕРОИ. Разсказъ М. СПЕКТОРА.

Въ типографіи М. Цедербаума. Петроковъ, 1909 г.

לאָבען הייסט ניט חיזוק מאַכען,
לאָבען הייסט אַמאָל ביטער געוויינט.
(נאָכגעזאָגט פון א פראָסטען יודען).

# I.

## פּישקעמאַכער, ווישקעמאַכער און קישקעמאַכער.

די דריי פּאַרשוין זענען דריי בעוואוסטע יונגע לייט, געוועזענע אַלטע בחורים, זיי וואָהנען אין דער שטאָדט פּ ר י ב ע נ ד י וו ק ע עד היום הזה — ביז דעם היינטיגען טאָג וואָס איך הויב אָן שרייבען מיין ערצעהלונג. אַלע דאָרטיגע יודען ווייסען אַז די גאַנצע שטאָדט שטעהט אויף די דריי קעפּ, ד. ה. אַלע פּריבענדיוקער קענען זיי. און זיי קענען גאַנץ פּריבענדיווקע, וואָס די דריי זאָגען צוטראָגט מען עס איבער דער גאַנצער שטאָדט גיכער ווי מיט טעלעגראַפען און טעלעפאָנען; די דריי פיהרען אַלע ראָדלעך אין שטאָדט. מיט איין וואָרט זיי זענען אין פּריבענדיווקע כל ולך'ניקעס און זיי אַליין ווייזט זיך אויס אַז ניט נאָר פּריבענדיווקע אַליין שטעהט אויף זייערע קעפּ, נאָר אַללע יודישע שטאָדט מיט די יודען פון דער גאַנצער וועלט טראָגען זיי אויף זיך. —

קענט איהר אפשר מיינען אַז צווישען די דריי גרויסע קעפּ איז גרויס אחדות, גרויס ליעבשאַפט מיט שלום — פונקט פאַרקעהרט, פון איינעם צום אַנדערן איז ווייט ווי פון טאָג ביז נאַכט, ווייסט איהר פאַר וואָס? נאָר איבער איין זאַך, ווייל פּ י ש ק ע מ אַ כ ע ר איז אַ „פּאַלעסטינעץ", וו י ש ק ע מ אַ כ ע ר — איין „אַסימילאַטאָר" און ק י ש ק ע מ אַ כ ע ר איז „אַ גלאַט אַזוי" און טאַקי אַזוי פּלעגט מען זיי רופען אין גאַנץ פּריבענדיווקע פון איין עק בריק ביז דעם אַנדערן עק ראָגאַטקע:

— דער „פּאַלעסטינעץ" האָט געזאָגט.

— דער „אַסימילאַטאָר" האָט דערצעהלט.

— דער „גלאַט אַזוי" האָט גערעדט. —

איך וועל אייך באַקענען מיט יעדען פּאַרשוין באַזונדער.

## II.

## דֶער פַּאלֶעסְטִינֶעץ.

חַייְקֶעל פִּישֶׁקְעמַאכֶער אִיז פוּן דֶער נַאטוּר גֶעוֶועזֶען אַ גֶעבּוֹירֶענֶער קַאבְּלֶעפֶּעל אָדֶער ווִי מֶען זָאגְט „אַ פָּאלְאנִיק״, נָאר אויךְ מִיט אַ גֶעבּוֹירֶען וַוארם, רִיהְרֶענְדִיג הַארְץ וָואס פוּן גָאר נִישְׁט הָאט עֶס זִיךְ בַּיי אִיהם גֶעקָאנְט אָנְצִינְדֶען ווִי אַהֶעלְלִישׁ פַייֶער. אַזַא מֶענְשׁ קֶען קַיין עַוְלוֹת נִיט לַיידֶען, יֶעדֶע זַאךְ אַארְט אִיהם, יֶעדֶע זַאךְ גֶעפֶּעלְט אִיהם נִיט אוּנ אֲפִילוּ וֶוען עֶס גֶעפֶּעלְט אִיהם יָא אִין אָנְהוֹיבּ ווֶערְד עֶס אִיהם בַּאלְד נִמְאָס; יֶעדֶע מִינְדְסְטֶע זַאךְ וָואס שְׁטֶעלְט זִיךְ אִיהם אַקֶעגֶען זַיינֶע פְּלֶאנֶען צִינְדְט אִיהם אָן בַּאלְד ווִי אַ שְׁוֶועבֶּעלֶע. טְרַאכְטֶען, בְּרַאכְט אַזַא מֶענְשׁ זֶעהר אַ סַךְ אוּנ בּויעט אַלֶּע מָאל אַ נַייעֶן פְּלַאן, וויא דֶער אַלְטֶער פְּלַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם נִמְאָס וֶוערן. אַזַא חַארַאקְטֶער אִיז בַּיי אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען דֶערפַאר, ווייל זַייעֶר נְשָׁמָה קֶען נִיט רוּהֶען, שְׁטִיל רוּהִיג אוּנ פַאר־זָארְגְט קֶענֶען אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען נִיט לֶעבֶּען, אַ שְׁטִיל לֶעבֶּען אִיז בַּיי זֵיי קַיין לֶעבֶּען נִיט, זֵיי דַארְפֶען לֶעבֶּען שְׁטֶענְדִיג אִין טַארַאראַם, אִין גְרוֹיס גֶעפִילְדֶער, דֶענְסְטְמָאל פִיהְלֶען זֵיי אַז זֵיי לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אַזוֹינֶע מִינִים מֶענְשֶׁען וֶוען זֵיי זֶענֶען אָרֶעם הֵייסֶען זֵיי בַּיי יוּדֶען: „פְּלַאפְּלֶער, שְׁטָאדְט־שֵׁייגֶעץ, פּוּסְטֶע־פַּאסְנִיק, פָּאלְאנִיק, קַאבְּלֶעפֶּעל, פְּלַיאסְקֶעדְרִיגֶע, אַ טַארַארַאם, אַ פַאר־טְרַאגֶענֶער כּוֹחַ, אַ פַארשְׁלֶעפְּטֶע קְרֶענְק, אַ צָרָה, אַ שְׁלַאק, אַ כָּל־בּוֹנִיק, אַ מְשׁוּלַחַת אוּנ אַבִּיסֶעלֶע מְשׁוּגָעוואַטֶע״. —

וֶוען אָבֶּער עֶר אִיז נִיט אָרֶעם הֵייסְט עֶר בַּיי יוּדֶען: „אַ וואוילֶער יוּנְגֶער מַאנן, אַ גֶערָאטְהֶענֶע זַאךְ, אַ מֶענְשׁ מִיט אַלֶּע מַעֲלוֹת, עֶר טוֹיג צוּ אַלֶעם, מֶען מֶעג אִיהם שִׁיקֶען אֲפִילוּ קַיין פַּארִיז וֶועט עֶר אויךְ נִיט פַארְפַאלֶען וֶוערן, עֶר וֶועט שוֹין קֶענֶען גֶעבֶּען אַ וַוייבּ בְּרוֹיט, עֶר מֶעג אֲפִילוּ רֶעדֶען מִיט דֶעם קֵאיסֶער, עֶר קֶען זַיין צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, עֶר טוֹיג צוּ גָאטט אוּנ צוּ לַייט: מִיט אַ חָסִיד אִיז עֶר אַ חָסִיד, מִיט אַיין אַרִיסְטָאקְרַאט — אַיין אַרִיסְטָאקְרַאט, מִיט אַ דַייטְשׁ — אַ דַייטְשׁ אוּנ מִיט אַ גוֹי וֶועט עֶר אויךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט וֶוערן״. בַּיי יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ הֵייסֶען אַזוֹינֶע יוּנְגֶע לַייט „הֶעלְדֶען״, זֵיי פִיהְרֶען שְׁטֶענְדִיג מִיט זֵיי לִיבֶּעס, נָאר עֶס ווֶערְד קַיין מָאל צְווִישֶׁען זֵיי — קַיין שִׁידוּךְ נִיט ד. ה. סוֹף כָּל סוֹף הָאט זִי חֲתוּנָה פַאר אַ קַאלְטֶער נְשָׁמָה אוּנ דִי הֶעלְדֶען, דִי הֵייסֶע נְשָׁמוֹת, זוּכֶען ווייטֶער נַייעֶ כַּלָה׳ס.

חַייְקִיל פִּישֶׁקְעמַאכֶער אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קַיין אָרִימֶער, עֶר אִיז אַרוֹיס־גֶעקוּמֶען פוּן בַּעַל בַּיתִישֶׁע פְרוּמֶע עֶלְטֶערן, ד. ה. נִיט רַייךְ, נָאר פַּרְנָסָה אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען. אַ דַאנְק וָואס טַאטֶע־מַאמֶע הָאבֶּען גֶעהָארֶעוֶועט הָאט מֶען אִיהם עֶרְצוֹיגֶען ווִי מֶען עֶרְצִיעהט אַ גֶעוואֹהנְלִיךְ יוּדִישׁ יוּנְגֶעל, אויסְגֶעהַאלְטֶען בַּיי מְלַמְּדִים דֶערנָאךְ גֶע־לֶערנְט אִין קְלוֹיז, גֶעוואוּסְט פוּן „וַואשֶׁען״, „בֶּענְשֶׁען״, לַייעֶנֶען „קְרִיאַת שְׁמַע״, גֶעוואוּסְט פוּן שַׁבָּת, יוֹם טוֹב אוּנ אַלֶעם וָואס עֶס גֶעהֶער צוּ אַ יוּדִישׁ קִינְד וָואס אִיז עֶרְצוֹיגֶען גֶעוָוארן אִין אַ יוּדִישׁ הוֹיז בַּיי יוּדִישֶׁע עֶלְטֶערן.

זַיין מוּטֶער פְלֶעגְט זִיךְ אוֹיף חַייקְלֶען קְלָאגֶען נָאךְ דֶעמָאלְט וֶוען עֶר אִיז וִוי אַ שָׁאפֶּעלֶע גֶעלֶעגֶען גֶעבּוּנְדֶען אוּנ גֶעפֶּענְטֶעט אִין דֶער מַאמֶעס וִוינְדֶעלֶעךְ מִיט וִויקֶעל־שְׁנוּרֶען, נָאךְ דֶעמֶעלְט פְלֶעגְט זִי זָאגֶען אוֹיף אִיהם :

– דָאס וַואקְסְט גָאר נִיט קֵיין קִינְד, דָאס וַואקְסְט נָאר אַ שְׁפִּירְט, אַ בְּרֶען, נָאר עֶר שְׁרַייט אוּנ רַייסְט זִיךְ, עֶר לָאזְט נִיט שְׁלָאפֶען, עֶר לָאזְט נִיט רוּהֶען טַאטֶע־מַאמֶע .

שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶעגַאנְגֶען אִין חֵדֶר אוּנ גֶעשְׁפִּיעלְט זִיךְ מִיט קִינְדֶער הָאט זִי זִיךְ גֶעקְלָאגְט :

– אִיךְ זָאג אָבֶער שְׁטֶענְדִיג אַז עֶר וַואקְסְט אַ שְׁפִּירְט, הָאט אִיהר גֶעהֶערְט פוּן אַ פַּיין קִינְד – אַזאַ שֵׁייגֶעץ, אַזאַ פַארְפִירֶער, עֶס פֶעהלְט נִיט דֶער טָאג עֶר זָאל נִיט אַנְטְלוֹיפֶען פוּן חֵדֶר ; שְׁפִּיעלְט עֶר זִיךְ מִיט קִינְדֶער מוּז עֶר קוּמֶען אַהֵיים מִיט אַ צוּשְׁלָאגֶענֶער נָאז, מָארְגֶען מִיט אַ סְקַאלִיטְשֶׁעטֶען פִינְגֶער, אִיבֶּערמָארְגֶען מִיט אַ אוֹיסגֶעריסֶענֶער פֵּאָה, מִיט אֵיין וָוארְט עֶס פֶעהלְט נִיט אַ טָאג עֶר זָאל נִיט קוּמֶען אַהֵיים מִיט אַ מוּם, וֶוען נִיט אוֹיף דֶעם לַייבּ אִיז שׁוֹין גֶעוִויס אוֹיף דִי קְלֵיידֶער, הַיינְט אַ לַאצְקִינֶע אָבְּגֶעריסֶען, מָארְגֶען אַ הַאלְבֶּער אַרְבֶּעל פוּן דֶעם קַאפָּאטְקֶעלֶע, אִיבֶּערמָארְגֶען מִיט אַ צוּשְׁפַּאלְטֶענֶעם דַאשִׁיק אוּנ עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ פַאלֶען אַרַיין צוּ מִיר אִין שְׁטוּבּ מַאמֶעס מִיט גֶעשְׁרֵייעֶן אַז מַיין חַייקֶעלֶע הָאט גֶעשְׁלָאגֶען פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער, אוּנ עֶר, וִויפִיעל אִיךְ זָאל אִיהם נִיט שְׁלָאגֶען פַאר אַזוֹינֶע זַאכֶען אִיז עֶר שְׁטֶענְדִיג נִיט שׁוּלְדִיג, שְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר גֶערֶעכְט, יֶענֶער אִיז שׁוּלְדִיג ! שְׁלָאג אִיהם אוּנ שְׁלָאג אִיהם בִּיז עֶר זָאגְט צוּ אַז עֶר וֶועט שׁוֹין מֶעהר נִיט טְהוּן אוּנ נִיט טְשֶׁעפֶּען . עֶס גֶעהט נִיט אַוֶועק קֵיין צְוֵויי טָאג פַארגֶעסְט עֶר שׁוֹין ; וָואס טְהוּט מֶען מִיט אַזאַ שֵׁייגֶעץ מִיט אַזאַ פַארְפִירֶער !

אַזוֹיא פְלֶעגְט זִיךְ אַלְץ זַיין מַאמֶע קְלָאגֶען אוּנ דֶער טַאטֶע זַיינֶער פְלֶעגְט זִי טְרַייסְטֶען :

– גִישְׁט קָשֶׁה, אַ שֵׁייגֶעץ אַ וַוייסֶער־חֶבְרָה'נִיק אַ יוּנְגֶעל אִיז אַ סִימָן אַז עֶר וֶועט קֶענֶען לֶערְנֶען .

נָאךְ יוּנְגֶעל־וַוייז הָאט עֶר זִיךְ אִין אִיהם גֶעוִויזֶען אַ טַאלַאנְט צוּ זַיין אַ כָּל וְלָךְ־נִיק. שִׂמְחַת תּוֹרָה וֶוען דִי יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶען זִיךְ צוּנוֹיפגֶענוּמֶען אִין שׁוּל אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן „צִיגֶעלֶע צִיגֶעלֶע מֶע”– וֶוער הָאט גֶעשְׁרִיעֶן הֶעכֶער פוּן אַלֶע ?– חַייקִיל ; בַּיי וֶועמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַלֶענְגֶערֶער שְׁטֶעקֶען וִוי בַּיי אַלֶע צוּ דֶער פָאן ? – בַּיי חַייקְלֶען ; – חֲנוּכָּה וֶוען מֶען הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אִין חֵדֶר אִין קְוִויטְלֶעךְ, וֶוער הָאט גֶעהַאלְטֶען דִי בַּאנְק ? – חַייקִיל ; עֶרֶב פֶּסַח וֶוען דֶער רַבִּי הָאט גֶעבַּאקֶען דִי „מַצָּה שְׁמוּרָה” וֶוער הָאט צְוִוישֶׁען דִי „הֶעלְפֶּערְס” פַארנוּמֶען דִי שֶׁאנְסְטֶע שְׁטֶעלֶע „רֶאדְלֶער” ? – פַארשְׁטֶעהט זִיךְ חַייקִיל .

צוּ דְרַייצֶעהן יָאהר וֶוען עֶר הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶענְקֶען וִוי אַ שְׁטִיקֶעלֶע מֶענְשׁ אוּנ אַבִּיסֶל עֶרְנְסְטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אוֹיף אַלֶעם, אִיז עֶר שׁוֹין מִיט אַ סַךְ זַאכֶען נִיט גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען אוּנ הָאט פְרֶעטֶענְזְיֶעס גֶעהַאט, חָאטְשׁ עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט אַרוֹיסגֶעזָאגְט, נָאר אִין זִיךְ גֶעטְרַאכְט :

– טַאטֶע מַאמֶע קְלָאגֶען זִיךְ אַז פוּן קִינְדְוַוייז אָן בִּין אִיךְ אַ סְפִּירְט, אַ וַוייסֶער

חברה'ניק, א שיינעץ א יונגעל און מאך זיי תמיד נאר אן צרות און האבען פון מיר בזיונות, וואס בין איך שולדיג אז איך פלעג אנטלויפען פון חדר, אז דער בעהעלפער פלעגט מיר געבען סטיסאקעס (קלעפ) אומזיסט, נאר צו ליעב זיין פארגעניגען ווייל ער האט ליעב געהאט גלאט אזוי צו שלאגען יונגלעך; וואס בין איך שולדיג אז ווען איך פלעג זיך שפיעלען מיט קינדער פלעג איך קומען אהיים א צוהארגיטער און יענער יונגעל האט אויך אדראפע געקריגען? נאך וואס האט ער זיך געדרעהט פאר די פיס אז מען דארף ניט? אז ער קען זיך ניט שפיעלען, און משעפעט זיך נאך צו מיר, האב איך איהם אוועקגעשטויסען, האט ער מיך, האב איך איהם א. ז. וו; בין איך שולדיג וואס איך שמעלץ אין חדר די ליכט באנאכט, זאל גיט ברענגען א טונקעל ליכטיל, אז די אויגען קריכען ארויס, זאל ניט זיין אזוי דושנע דארט, וואלט איך אזוי ניט אנטלאפען, אוודאי ווען מען זאל מיך אזוי האלטען און לערנען ווי יענקלען (ווישקעמאבערס א יונגעל) וואלט איך אויך אזוי געוועזען א שטיל פיין יונגעל, און נאך אזויגע א סך מענות האט ער געהאט צו דער וועלט.

אנדערע יונגלעך וואס מען האט זיי אזוי ערצויגען ווי חייקלען, איז אפילו אויף דעם כח ניט אויפגעקומען ניט זיין צופרידען און אבוויזען אויף יענקלען, ווייל די אנדערע זענען געוועזען געוועהנליכע שטיללע נשמות; חייקיל אבער, ווי איהר ווייסט שוין, איז א געבוירענע הייסע ריהרעווידיגע נשמה, האט ער געקענט זיין צופרידען?

פון דרייצעהן יאהר אן האט ער באקומען חשק צו לערנען און צו וויסען אזויגע זאכען וואס זיין טאטע מאמע האבען ניט געוואלט, נאר זיי האבען איהם אזוי שטארק ניט געוועהרט, ווי זאגט מען פארט א קינד אין דער היינטיגער וועלט, עס שאדעט ניט אין דער היינטיגער זינדיגער וועלט צו קענען שרייבען און וויסען אביסעלע פון וועלטליכע זאכען אויך, גאטט וועט מוזען מוחל זיין. וואס דען קען מען טהון מיט די היינטיגע קינדער אז זיי פארגלוסט זיך עפיס?

וואס מעהר ער האט געלייענט אייניגע ביכלעך, גאזעטען, האט ער נעהר אנגע-הויבען ניט צופרידען זיין און גע פינען חסרונות אין זיינע עלטערן, אז זיי האבען איהם גיט ערצויגען ווי מען דארף ערציה'ן קינדער און יענקלען דעם ווישקעמאבערס האט מען בעסער ערצויגען, און בכלל וואס ער איז עלטער געווארן און זיך מעהר בעקאנט מיט דער וועלט, האט ער מעהר געפונען חסרונות אין דעם גאנצען יודישען לעבען, און געטענהט: „סטייטש! געוואלד! אין אזא ליכטיגען ניינצעהנטען יאהרהונדערט וואו די זונן שיינט אין גאנץ איירפא צווישען אללע פעלקער פון דער וועלט, און צווישען יודען איז נאך אזא פינסטערניש, אללע יודישע לאדען זענען נאך צוגעמאכט, זיי זענען פאנאטיש, פארפיהרט, אזוי ערציהען זיי אין דער פינסטערניש זייערע קינדער, אזוי לעבען זיי אין א גרויס פינסטערניש, זייער גאנץ לעבען פיהרען זיי זיך ניט אזוי ווי אללע מענשען, אין זייערע שולען, זייערע בתי מדרשים, די יודישע חדרים, זייערע מיאוסע פרנסות, שאבער מאבער, שענקערעס, לופט-געשעפטליך, מסדרים'ליך, מיט אללעם פיהרען זיך יודען קרום, ניט ווי עס דארף צו זיין" דרום פלעגט ער דרינגען: „איז גאר

קיין וואונדער ניט וואס אללע פעלקער האבען אונז פיינד , אונ מען וויל ניט געבען יודען גלייכע רעכטע א. ד. ג.

– אבער, פלעגט ער שרייען אומעטום , ווען יודען זאלען זיך פיהרען ווי עס דארף צו זיין , אוועקוואַרפען זייערע מיאוסע מנהגים , אוועקוואַרפען די שאנדליכע פרנסות , זיך פארנעמען מיט אקערבוי , מיט א מלאכה , אדער מיט שווערע פיזישע ארבייט , אונ זייערע אומגליקליכע קינדער ניט דערשטיקען אין די יודישע חדרים , זיי בילדען , זיי אוועקגעבען אין די גימנאזיעס אונ שולען , פון זיי זאלען אויסוואקסען דאקטוירים , אינזשענערען , קינסטלער , געלעהרטע אז זיי זאלען באשיינען דאס יודישע פאלק אונ דאס גאנצע יודענטהום , כדי אללע פעלקער פון דער וועלט זאלען זעהן וואס פאר א טהייער פאלק מיר יודען זענען , ווי מיר טויגען צו אללעם , ווי מיר זענען עהרליך, ווי מיר זענען נוצליך אויף דער וועלט , – דענסטמאל , דענסטמאל וועלען אללע איינזעהן אז עס איז צייט צו געבען יודען גלייכע מענשליכע רעכטע אונ דאס טהייערע יודישע פאלק וועט זיך שוין ענדליך אויפהערען מוטשען אונ ליידען אונ פארשוואַרצט ווערן ווי אין די פיעל הונדערטער שוואַרצע ביטערע יאהרען ווען דער שיין פון דער בילדונג האט נאך ניט געשיינט אין אייראפא , יודען וועלען שוין לעבען גליקליך אונ רוהיג .

ווען חייקיל פלעגט דערפון טראַכטען , פלעגט זיך איהם זיין בלוט איבערקאכען פאר וואס יודען פיהרען זיך ניט אזוי ווי עס דארף צו זיין אונ מאכען זיך אליין אומגליקליך ; ווען ער פלעגט זיך פארנאכט פארזיצען אין קלויז אונ הערען ווי איינינגע יודען קלאגען זיך געבעך אויף דער שלעכטער יודישער לאגע , ווי עס איז ניט דא קיין פרנסה , עס איז ניט דא צו וואס זיך צו נעמען , דעם יודען שטערט מען פון אללע זייטען א. ז. וו. פלעגט זיך חייקיל אנצינדען ווי א העליש פייער , פאטשעסען וואו ער איז , אונ אנהייבען שרייען ניט מיט זיין קול :

– איהר איהר , קלאגט זיך אויף דער שלעכטער יודישער לאגע , ווער איז שולדיג וואס דאס יודישע פאלק ווערט אזוי פארשוואַרצט אונ פארוואגעלט , אז ניט איהר אליין מיט אייערע שאנדליכע פרנסות , מיט אייער שלעכטע אויפפיהרונגען , מיט אייער פאנאטיזמוס , מיט אייערע חדרים . איבער אייך אונ נאר איבער אייך ווערט פארשוואַרצט דאס גאנצע יודישע פאלק . איהר שאנדעט דאס גאנצע יודענטהום אז מיר דארפען זיך שעמען פאר אללע פעלקער אונ זיי טייטען אויף אונז מיט די פינגער אונ דאס אללעס וואס די אנטיסעמיטישע צייטונגען זידלען אונ שאנדען אונז איז אלץ איבער אייך ; די בילדונג שיינט שוין אומעטום אויף אללע פעלקער אונ נאר איהר ליגט נאך אין דער פינסטערניש , אזוי אומגליקליך בלינד פאלק ! אפילו מיר, מיר ביסעלע יודען, וואס מיר האבען אויפגעמאכט נאך דעם לאנגען שלאף אונזערע ליכטיגע אויגען אונ אנגעהויבען שעפען ווי די דארשטיגע פון דעם טהייערן ברונען „ציוויליזאציע" גיט מען אויך ניט קיין מענשליכע רעכטע איבער אייך ; ווען איהר זאלט אבער אוועקוואַרפען אייערע שאנדליכע פרנסות , אייערע פאנאטיזמוס , בויען פאבריקען , ווערן אקערבויער , בעארבייטען די טהייערע מוטער – די ערד , בילדען אייערע קינדער , וואלט גאר אנדערש געוואָרן . עס איז

שוין צַייט  עֶס אִיז שוין צַייט ! דֶער זַייגֶער הָאט שוין גֶעשְׁלָאגֶען, דִי וַוייזֶער הָאבֶּען שוין אָנְגֶעוויזֶען אויף אִיהר צִיפֶערבְּלַאט פוּן דֶעם נַיינְצֶעהְנְטֶען יָאהרהוּנְדֶערְט ,  אַז דִי לָאגֶען זָאלֶען זִיךְ שוין בַּיי אוּנְז יוּדֶען אויךְ אויפֶעפֶענֶען אוּנ עֶס זָאל וֶוערן לִיכְטִיג אִין דִי יוּדִישֶׁע בְּהִירֶען אִין אַלֶע שְׁפַּאלְטֶען אוּנ ווִינְקֶעלֶעךְ, עֶס אִיז שוין צַייט !

אוּנ דְרוּיף צוּ דֶערוַוייזֶען מִיט פַאקְטֶען אַז עֶר זָאגְט דֶעם אֱמֶת, אַז עֶר וַוייזְט דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג, הָאט עֶר אַרויסְגֶעכַאפְּט פוּן בּוּזֶעם אַ גְרויסֶען פַּאק אַלֶערְלֵיי יוּדִישֶׁע גַאזֶעטֶען וָואס עֶר הָאט אויסְגֶעשְׁרִיבֶּען פַאר עֶטְלִיכֶע רוּבּל אַ יָאהר אוּנ מִיט גְרויס פַייֶער זֵיי הַאלְטֶענְדִיג אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנ טַייטֶענְדִיג מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן דֶער לִינְקֶער הַאנְד, זֵיי צוּ וַוארְפֶען אִין דֶער לוּפְטֶען מִיט אַזַא פַארְזִיכֶערְקֵייט אוּנ גְרויסְקֵייט , ווִי דֶער הֶעלְד וָואס גֶעמְט אַיין דִי מִלְחָמָה אוּנ צוּוַוארְפְט דִי פָאהן (זְנַאמְיַא) וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען בַּיים שׂוֹנֵא ,

– אַט זֶעהט וָואס מִיר רֶעדֶען צוּ אַייךְ ! זֶעהט אַלֵיין ! . . . נָאר אִיהר פִינְסְטֶער פַאנַאטִישׁ פָאלְק אִיהר הֶערְט דֶען ? אַייֶערֶע אויֶערן ווִילֶען דֶען פַארְנֶעמֶען אוּנְזֶערֶע טְהַייֶערֶע רֵייד ? בַּאלְד זָאגְט אִיהר אַז מִיר זֶענֶען אֶפִּיקוֹרְסִים, דַייטְשֶׁען, גוֹיִם, נִיט קֵיין יוּדֶען, מִיר שְׁפֶּעטֶען פוּן פְרוּמֶע אוּנ עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען, אוֹי ! אִיהר פַארפִינְסְטֶערְט פַאנַאטִישׁ פָאלְק, אַייֶערֶע אויֶערן זֶענֶען אַייךְ פַארְשְׁטָאפְּט, אַייֶערֶע אויגֶען זֶענֶען אַייךְ פַארְקְלֶעבְּט פוּן דֶעם גְרויסֶען פַאנַאטִיזְמוּס אוּנ אִיהר ווִילְט גָאר נִיט פַארְשְׁטֶעהן אַז מִיר זֶענֶען דִי אֱמֶתֶע יוּדֶען אוּנ אִין אוּנְז וֶועלְכֶע אִיהר רוּפְט אָן אֶפִּיקוֹרְסִים, בְּרֶענְט דֶער פּוּנְק יוּד – דָאס פִּינְטֶעלֶע יוּד אוּנ מִיר הָאבֶּען אַייךְ אַלֶע לִיעבּ ווִי אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, אוּנְזֶער הַארְץ רַייסְט אוּנ קְלֶעמְט אוּנְז ווִי אִיהר אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער גֶעהט אַלֶע מָאל טִיעפֶער אוּנ טִיעפֶער אִין דֶער בְּלָאטֶע פוּן דֶעם פַאנַאטִיזְמוּס, מוּחֶר'ן מִיר אַייךְ אִין דִי גַאזֶעטֶען אוּנ אִין דִי בִּיכֶער, אִיהר זָאלְט זִיךְ בִּילְדֶען  אִיהר זָאלְט וֶוערן בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, אִיהר זָאלְט וֶוערן מֶענְשֶׁען , מִיר זֶענֶען אַייֶערֶע פָאלְקְס לֶעהְרֶער, מִיר הָאבֶּען אַייךְ לִיעבּ, דְרוּם שְׁרַייֶען מִיר אויף אַייךְ ווִי גֶעטְרַייֶע עֶלְטֶערן אויף זַייֶערֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער . אוּנ אִיהר ? – אִיהר אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שְׁטוּמֶע שָׁאפֶעלֶעךְ פַארְשְׁטֶעהט דָאס נִיט אוּנ מֵיינְט אַז מִיר ווִילֶען אַייךְ טְהוּן שְׁלֶעכְטֶס, אִיהר רוּפְט אוּנְז אָן „אֶפִּיקוֹרְסִים“, „דַייטְשֶׁען“, „בֶּערְלִינֶער“, אוֹי אִיהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ בְּלִינְד פָאלְק – טְהַייֶערֶע בְּרִידֶער ! עֶס אִיז שוין צַייט – עֶס אִיז שוין צַייט דִי לָאד . . .

עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז זֵיידֶער חַייקִיל הָאט נָאךְ גֶעעֶנְדִיגְט, הָאט מֶען אִיהם מִיט דִי גַאזֶעטֶען מִיט זַיין הֵיים רִיהרֶענְדִיג הַארְץ צוּזַאמֶען מִיט עֶטְלִיכֶע פֶּעטְשׁ אַרויסְגֶעוַוארְפֶען פוּן דֶער קְלויז אויף צֶעהן שְׁפֶּענְדְלִיךְ . אוּנ אִיהם בַּאגְלֵייט מִיט אַ גְרויס גֶעלֶעכְטֶער . . .

נָאר חַייקִיל אִיז בַּיי זִיךְ גָאר נִיט אַרָאבְגֶעפַאלֶען . פַארְקֶעהְרְט , ווִי בַּיי אַ גְרויסֶען הֶעלְד , הָאט זִיךְ אִין אִיהם גֶעווִיזֶען נָאךְ מֶעהר שְׁטַארְקֵייט , עֶר הָאט זִיךְ גֶערֶעכְנְט פַאר אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶען וָואס קוּמְט אוּם אויף קִידוּשׁ הַשֵּׁם , דוּרְךְ דֶעם פַאנַאטִיזְמוּס וָואס שְׁוֶועבְּט אִיבֶּער זַיינֶע לִיעבֶּע בְּרִידֶער וָואס בְּלָאנְזֶען גֶעבֶּעךְ אַרוּם ווִי בְּלִינְדֶע שָׁאפֶּעלֶעךְ .

פַאר קֵיין שוּם פֶּעטְשׁ מִיט קוּלַאקְעס מִיט שְׁטֶעקֶענְס הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעשְׁרָאקֶען

און וואו ער האָט זיך נאָר געפונען האָט ער געשריגען אויף דעם פאַנאַטיזמוס און גע־דרשעט וועגען דער ליכטיגער בילדונג פון דעם ניינצעהנטען יאהר־הונדערט.

ניט נאָר ער האָט געשריגען און גערעדט, נאָר ער האָט געטהון אויך: בײַ איהם איז צוזאַמענגעשטאַנען אַ גאַנצע חברה יונגע לייט, די חברה האָט זיך אַ נאָמען געגעבען „חברה משכילים" און די שטאָדט האָט זיי גערופען „חברה אפיקורסים" „חברה הולטאַיעס" א. ד. ג. —

די חברה האָט געמאַכט אַ ביבליאָטעק, זיי האָבען זיך אָנגעהויבען איבער־שרייבען וועגען דעם פאַרשפּרייטען דער בילדונג מיט דער חברה „מפיצי השכלה" און מיט אַללע גרויסע לייט אין די גרויסע שטאָדט, וואָס זענען שוין לאַנג געקומען צום אמת'ן גרונד פון דער בילדונג; מען האָט זיי פון דער חברה „מפיצי השכלה" געשיקט אימזיסט גאַזעטען און ביכער און אַללע גאַזעטען האָבען ניט אויפגעהערט צו לויבען די שטאָדט פּריבענדיוקע מיט איהרע משכילים קליינע וואַרימע הערצלאַך; פון אַנדערע שטאָדט און שטאָדטליך האָט מען אָנגעהויבען פילערן יעדער אויף זיין שטאָדט'ל אויף זייערע פאַנאַטיקער מיט זייערע פאַרמאַכטע לאָדען וואָס קיין שפּאַלט'ל שיין שטראַהלט נאָך ניט אַריין אַהין און אָנגעוויזען אויף דער טהייערער שטאָדט פּריבענדיוקע ווי אויף אַ לאַמטערנע און אויף איהר טהייערע „חברה משכילים" ווי אויף ליכט וואָס שיינען איבער דער גאַנצער וועלט — „זאָל מען ביי אונז, זאָלען אונזערע שטאָדט בעלי בתים אויך מאַכען אַ ביבליאָטעק, אויך אַזוינע גוטע איינפיהרונגען ווי אין פּריבענדיוקע א. ז. וו. האָט יעדער געשריגען אין די יודישע גאַזעטען אויף זיין שטאָדטל.

אַ סך שטאָדט און שטאָדטליך האָבען טאַקי נאָכגעטהון פּריבענדיוקע.

און די ליכטיגע זונן האָט אָנגעהויבען שיינען איבער אַללע יודישע שטאָדט, אַללע לאָדען פון די יודישע הייזער האָבען זיך אויפגעמאַכט!..



*

אין אַקליינער צייט אַרום איז אין דער שטאָדט פּריבענדיוקע (נאַטירליך אויך אין אַללע אַנדערע יודישע שטאָדט) געוואָרען איין איבערקעהרעניש: אויף די יודישע גאַסען געהען אַרום יודישע קינדער, און מען רעדט אום שבת רוסיש, אונטער געהאַקטע קאַפּאָטעס, ווייסע מאַנישקעס, אַראָבגעלאָזטע הויזען אונטערגעשוירענע פאות, טאַטע מאַמעס שרייען, רייסען אויף זיך די האָר, מען רייסט קברים, מען פילדערט ביים רבין, עס העלפט ניט!

יודישע יונגלעך, יודישע מיידלעך, וואַרפען אַוועק זייער שטאָדט, מען גנבית זיך אַרויס פון די עלטערנ'ס הויז, מען וואַרפט באַלד אַוועק דאָס גאַנצע יודישקייט און מען לויפט, מען אַנטלויפט אין די גרויסע שטאָדט אין די גימנאַזיעס, אין די שולען, אין די אוניווערזיטעטען, יודישע יונגע לייט ווילען זיין דאָקטוירים, אינזשענירען און יודישע

מיידלעך ווילען זיין אקושערקעס – יודישע מיידלעך ווילען שוין מעהר ניט קיין יודישע יונגע לייט פאר מאנען, זיי ווילען זיך אליין מפרנס זיין. –

מאטע מאמעס שרייען ווייטער, מען הארט ניט אויף רייסען אויף זיך די האר. מען רייסט נאך אמאל קברים, מען פילדערט שטארקער ביים רבין, עס העלפט גאר ניט, חאטש שרייא: הי וקים!

חייקיל האט זיך אויך ארויסגענגבית און איז געלאפען אין פארשיעדענע שטאדט וואו עס זענען דא גימנאזיעס און שולען; נאר איהם איז געבעך ניט געגאנגען, ווייל ער איז שוין געוועזען אריבער די יאהרען ד. ה. נאך זיינע יאהרען האט מען איהם געקענט נאר צונעמען אין זיבטען קלאס, אזא עקזאמען איז אבער געוועזען פאר איהם צו שווער, ער האט זיך אנגעהויבען פארבערייטען, דערווייל האט ער ניט געהאט מיט וואס צו לעבען, זיינע עלטערן האבען איהם נאטירליך קיין געלד ניט געוואלט שיקען. – נאכ־דעם ווי ער האט אין א צוויי דריי גימנאזיעס געהאלטען עקזאמען צום זיבטען קלאס און מען האט איהם געענטפערט אז ער דארף נאך לערנען, האט זיך חייקיל באטראכט אז אזוי איז קיין תכלית ניט, ער ווערט נאר עלטער, ער וועט נאר דארבען און זיך אנ־יעגען קיין מאל קיין נוצען ניט ברענגען, זיינע עלטערן וואס ווילען אין איהם א מאל זעהן נחת וועט ער אומזיסט מצער זיין. –

חייקיל איז געפאהרען צוריק אהיים, נאר גאר איין אנדער חייקיל, א נייער חייקיל: מען רופט איהם שוין גאר ניט ווי פריהר ביים נאמען „חייקיל", נאר ביי דער פאמיליע ה' פישקעמאכער אדער „יעפים אבראמאוויטש", ער ווייסט שוין אביסעם פון קאלבאס, פון רויכערן ציגארען אפענטליך אום שבת, ווער שמועסט שוין פון גאנצן אומגעוואשען, אומגעבראוועט, אהן בענשען, ניט זיין אין אשול א גאנץ יאהר, ניט וויסען ווען עס איז שבת און יום טוב, פארשטעהט זיך אויך מיט א געשוירענער בארד און געקליידעט קורץ ווי א פאלקאמענער דייטש. זיינע עלטערן האבען איהם אריינגע־נומען צוריק אין זייער הויז ווי א בעל תשובה און געלויבט און געדאנקט גאט וואס זייער קינד האט זיך באטראכט און איז געווארען צוריק א מענש, ד. ה. וואס ער איז ניט אריין אין די „קלאססען" און איז געקוממען צוריק אהיים.

די חסידים האבען אפילו חייקילס עלטערן געשטאכען מיט ווארטליך וואס זייער זוהן איז געווארן אגאנצער דייטש, נאר די שדכנים פלעגען זיי טרייסטען.

– פארקעהרט, פלעגען זיי זאגען, אייער חייקיל איז א היינטוועלטיגער יונגער מאן, עס זענען היינט דא אזויגע כלות דווקא פון שאנע עלטערן מיט א סך נדן, נאר האקט זיי און בראקט זיי ווילען זיי אומשטיינס געזאגט נאר אזא היינטוועלטיגען יונגען מאן ווי אייער חייקיל. –

דאס האט זיינע עלטערן געטרייסט און זיי האבען באקומען א גוט הארץ צו זייער אנטלאפענעם זוהן און זיין פאטער מיט זיין מוטער פלעגען ניט איין מאל וועגען דעם איבערערעדען צווישען זיך:

– מילא וואס קען מען בהון מיט די היינטוועלטיגע קינדער, אט זענען נאר דא

אַזוינֶע כַּלות וָואס ווילֶען נָאר אוּנזֶער חַייקְלֶען, און בֶּאֱמֶת הָאבּ איךְ טַאקי אַמָאל פַאר־גֶענִיגֶען פון אִיהם; דַארְף אִיךְ אָנְשְׁרַייבֶּען אַ וֶועקְסֶעל שְׁרַייבְּט מִיר אוּנזֶער הַייקיל אָן, אַז דֶער שְׁרַייבֶּער פון דֶער אוּפְּרַאוֶוע זָאגְט אַז עֶס אִיז אַיין אַנְטִיק, דַארְף אִיךְ רֶעדֶען מִיט דֶעם פְּרִיסְטַאוו, שִׁיק אִיךְ אִיהם טַעֲנָהְט עֶר זִיךְ אוים מִיט אִיהם ווִי דֶער גְרֶעסְטֶער פְּרִיץ, און נָאךְ אַזוינֶע מַעֲלות הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אִין זַיין „דַייטְשׁ" וְוי זַיין פָאטֶער פְלֶעגְט אִיהם רופֶען.

זִינְט חַייקיל אִיז גֶעקוּמֶען צוּרִיק אַהֵיים הָאט עֶר זִיךְ ווַייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבּ־צוּגֶעבֶּען מִיט זַיינֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶען ד. ה. מִיט דֶער „הַשְׂכָּלָה" מִיט דֶער „בִּיבְּלְיָאטֶעק", און וואו עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר אַלְץ גֶעפוּנֶען חֶסְרוֹנוֹת אִין דִי פַאנַאטִישֶׁע יוּדֶען. —

אִיצְטֶער זִינְט עֶר אִיז שׁוין גֶעוָוארן אַ פָאלְנֶער דַייטְשׁ פְלֶעגְט מֶען אִיהם שׁוין נִיט אַרויסוַוארְפֶען פַאר זַיין רֶעדֶען אויף דְרַיי שְׁפֶּענְדְלִיךְ, דִי חֲסִידִים פְלֶעגֶען אִיהם גְלַאט אַזוי הָארֶען ווִי דֶעם פַארַאיָאהְרִיגֶען שְׁנֶעע און אִיהם גֶערופֶען אֲפִּיקוֹרוֹס.

יֶעפִּים אַבְּרַאמָאוִויטְשׁ פְלֶעגְט שׁוין נִיט נָאר רֶעדֶען וֶועגֶען בִּילְדוּנְג, נָאר אויךְ צַייטֶענְוַוייז שְׁרַייבֶּען וֶועגֶען אַ סַךְ זַאכֶען אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע יוּדִישֶׁע צַייטוּנְגֶען קָארֶעס־פָּאנְדֶענְצְיֶעס; הַיינְט פְלֶעגְט עֶר זִידְלֶען דִי חֲסִידִים וָואס זֶענִין אַזוי פַאנַאטִישׁ מִיט זַייעֶר רֶבִּין, מָארְגֶען גֶעזִידֶעלְט דֶעם בַּעַל מַאקְסֶע ווַייל עֶר הָאדֶעוֶועט אָרִימֶע לַייט מִיט בֵּייגֶער פַאר פוּנְפְצֶעהן קָאפּ' אַ פוּנְט. אִיבֶּערְמָארְגֶען זֶענֶען אִיהם נִיט גֶעפֶעלֶען דִי אָרְדֶענוּנְג נִיט אִין דֶער חֶבְרָה קַדִישָׁא, נִיט אִין דֶעם הֶקְדֵשׁ: „און סְטַייטְשׁ — הָאט עֶר ווַייטֶער גֶעשְׁרִיגֶען אִין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע — פַאר וָואס זָאל אִין אַזַא יוּדִישֶׁער שְׁטָאדט פְרִיבֶּענְדִיוְקֶע מִיט אַזוינֶע גְבִירִים נִיט זַיין קֵיין חֶבְרָה ג"ח!"

אִין אַיין וֶועגְס הָאט עֶר אָבְּגֶעלויבְּט יֶעפִּים אַ גְבִירִישֶׁען אַיידִים אַז וֶוען עֶר זָאל וֶועלֶען נֶעמֶען אויף זִיךְ דִי „אִינִיצְיַאטִיוֶוע" (דָאס וָוארְט אִיז דֶענְסְטְמָאל גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק אִין דֶער מָאדֶע בַּיי דִי יוּדִישֶׁע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְטֶען), וָואלְט אִי אִין הֶקְדֵשׁ אִי אִין חֶבְרָה קַדִישָׁא גֶעוֶועזֶען אָרְדֶענוּנְג און אַ חֶבְרָה ג"ח וָואלְט אויךְ גֶעוֶועזֶען.

דִי אַלֶע „אִינִיצְיַאטִיוֶועס" הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַרויפְגֶעלֶעגְט אויף דֶעם גְבִירִישֶׁען אַיידֶעם דֶערְפַאר, וָואס יֶעפִּים אַבְּרַאמָאוִויטְשׁ אִיז דוּרְךְ דֶעם פָּאסְט־טְרֶעגֶער גֶעוָואהר גֶעוָוארן אַז דֶער גְבִירִישֶׁער אַיידִים שְׁרַייבְּט אוים אַ צַייטוּנְג פַאר אַיין רוּבּל אַ פֶערְטֶעל יָאהר, מִסְתָּמָא אִיז עֶר שׁוין אַ מֶענְשׁ אַ מַשְׂכִּיל און אִיז גְרֵייט צוּ אַרְבַּייטֶען לְטוֹבַת הַכְּלַל, מֶען דַארְף אִיהם נָאר דֶערְמַאנֶען אִין דִי גַאזֶעטֶען. —

לויבֶּען אִין דִי גַאזֶעטֶען פְלֶעגְט עֶר נָאר דִי מַשְׂכִּילִים, דִי בִּיבְּלְיָאטֶעק און דֶעם נַייעֶם לֶעהְרֶער וָואס אִיז נִיט לַאנְג אַרָאבְּגֶעקוּמֶען קֵיין פְרִיבֶּענְדִיוְקֶע, און ווִי דֶער לֶעהְרֶער פְלֶעגְט זֶעלְבְּסְט דֶערְצֶעהלֶען אִיז עֶר אַ גֶעוֶועזֶענֶער רַאבִּינֶער, אִין דִי אַלְטֶע נוּמֶערן „הַמַגִיד" זֶענֶען דָא זַיינֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶעס פון ווִילְנָא און אַיינֶע אַ גַאנְץ גְרויסֶע וָואס מֶען הָאט זִי גֶעמַאכְט פַאר אַ לַייט־אַרְטִיקֶעל, חוּץ דֶעם הָאט עֶר דֶערְצֶעהלְט אַז עֶר אַלֵיין הָאט נִיט אַיין מָאל גֶערֶעדט מִיט דִי יוּדִישֶׁע רֶעדַאקְטָארְס אוּנ מְחַבְּרִים. עֶר פְלֶעגְט

באַדויערן וואס ער איז געבוירען ביי פּאַנאַטישע עלטערן, אונ האט זיך ערשט שפּעט אַרומגעקוקט אויף דער ציוויליזאַציע, דרום האט ער ניט געקענט אַריין אין דעם אוני־ווערזיטעט אונ ווען זיינע עלטערן זאָלען ניט געוועזען זיין קיין פּאַנאַטיקער אונ איהם לערנען פון דער יוגענד אָן, וואָלט פון איהם אַרויסגעוואַקסען אַ גרויסער יודישער מחבר. פון דעסטוועגען וואָלט ער נאָך אפשר געוועזען דערגרייכט צו עפּעס נור ער האט זיך איינגעליעבט אין אַ יונג שאָן פרייליין וואס האט געשפּיעלט פּיאַנאָ, זי אין איהם אויך, דערפאַר האט ער געשריבען אַ געדיכט צום געבורטסטאַג אַזוי, אַז איהר גאַנצער נאָמען איז אויסגעקומען אין די סטראָפען, נור איהרע פּאַנאַטישע עלטערן האָבען געוואָלט איהר חתונה מאַכען פאַר אַ חסיד. איז ער מיט איהר אַנטלאָפען, חאָטש זיי זענען ביידע גע־וועזען אָרעם האָבען זיי זיך באַגנוגט אונ געוועזען גליקליך מיט צוואַנציג קאָפּ׳ אַ טאָג, איהרע עלטערן זענען אָבער באַלד נאָכגעלאָפען, איהם אויסגעפּאַטשט, זי אַוועקגעפיהרט צום רבין, חתונה געמאַכט פאַר אַ חסיד אונ ער איז געלעגען קראַנק, איצט איז ער אַ לעהרער ער געהט מיט לאַנגע האָאר אונ מיט אַ קוטיגען קאָלנער.

נור ניט דאָס איז מען אייך אויסען, מען וויל אייך נור דערצעהלען אַז אָט דער דאָזיגער לעהרער האט געבראַכט אַ נייַ וואָרט אין דער שטאָדט פּריבעגדיווקע, דאָס וואָרט הייסט „פּאַטערלאַנד״ . . אָט אין דעם וואָרט האט זיך יעפּים מיט אַלע משכילים אַנגעהאַפּט אַז עס איז פון זייער מויל ניט אַרויס, וואו מען איז געגאַנגען האט מען געהערט „פּאַטערלאַנד!״

יעפּים מיט די משכילים האָבען זיך אַזוי פאַרליעבט אין דעם לעהרער דערפאַר וואס זיינע קאָרעספּאָנדענציע האט מען געדרוקט פאַר אַ לייטאַרטיקל, דערפאַר וואס ער האט געערעדט מיט די רעדאַקטאָרס אונ מחברים, דערפאַר וואס ער האט געפיהרט אַ הייסע אמת׳ע ליעבע אונ נאָך מעהר פאַר דעם וואָרט „פּאַטערלאַנד״ — אַז זיי פלעגען איהם פאַרגאַסטערן אונ געהאַלטען אַז דער געוועזענער ראַבבינער איז אַ ליכטיגער שטערן וואס איז פאַרבלאָנדזעט געוואָרן אין דער וויסטענעש פּריבעגדיווקע, אַז ווען די וועלט זאָלל וויסען פון דעם שטערן! . . האָבען זיי זיך געטראַכט. —

יעפּים פלעגט אין זיינע קאָרעספּאָנדענציעס זיך שטענדיג אויסדרעהען אַזוי אַז ער האט געמוזט ענדיגען מיט דעם וואָרט „פּאַטערלאַנד״, ווי למשל אַזוי: דער יוד זאָלל זיין אַ ניצליכער מענש פאַר זיינע ברידער, דעם יודענטהום אונ פאַר דעם „פּאַטערלאַנד!״. „אונזער נייער לעהרער ברענגט פיעל נוצען זיינע ברידער, ער מאַכט עהרע דעם יודענ־טהום אונ איז איבערגעגעבען דעם פּאַטערלאַנד!״ א. ז. וו.

אַזוינע יונגע לייט ווי יעפּים זענען דענסטמאָל געוועזען זעהר שטאַרק אין דער מאָדע, יודישע מיידלעך פלעגען זיך פאַרליעבען אין אַזוינע אונ טאָג מיט נאַכט זיך קריגען מיט די פרומע עלטערן אַז זיי ווילען ניט קיין חניאָקעס, זיי ווילען נור אַזוינע.

נאַטירליך האט מען יעפּים׳ען איבערגערעדט געענוג כּלות ב״מ אַ סך נדן, נור נאָך פיעל קלויבען אונ בראַקירען האט ער זיך פאַרליעבט אין אַ יודיש מיידעל וואס האט

אַװעקגעװאָרפען די עלטערן, אונ די גימנאַזיע אונ זיך איבערגעגעבען אין גאַנצען דעם „פּאַטערלאַנד".

דאָס „פּאַטערלאַנד" איז געװעזען צװישען זיי דער בעסטער שדכן, זיי האָבען חתונה געהאַט אונ געאַרבייט מעשים פאַר דעם „פּאַטערלאַנד".

נור פלוצים איז געװאָרן אַ מלחמה צװישען דעם „פּאַטערלאַנד'ס" ברידערלעך מיט דעם טערק, דערנאָך צװישען דעם „פּאַטערלאַנד" אַליין מיט דעם טערק.

יעפּים'ס יונגע װייבעל איז באַלד אַריין פאַר אַ „סעסטראַ" אין דער באָלניצע פון דעם „קראַסני-קרעסט" אונ יעפּים װאָלט שיעור ניט געװעזען אַװעק פאַר אַ „דאָבראָ-װאָליעץ" פאַר דעם פּאַטערלאַנדס ברידערלעך, װען דאָס װייבעל זיינס זאָל איהם ניט גע-װעזען איבערלאָזען דאָס קינד װאָס זי האָט ניט לאַנג געהאַט אונ ער האָט עס געמוזט ניאַנטשען, האָדעװען, צװאָגען אונ באָדען.

פון דעסטװעגען װען דאָס קינד פלעגט שלאָפען, פלעגט ער זיך אַרויסחאַפּען אונ צוזאַמען מיט אַ משכיל דורכלויפען די שטאָדט אונ מאַכען געלד פאַר די „פּאַראַחאָרען", צוזאַמענגעשטעלט פון משכילים אַקטיאָרען אונ געשפּיעלט פאַר דעם „קראַסני-קרעסט" א. ז. װ.

אונ יעפּים מיט זיין װאַרעם ריהרענדיג האַרץ האָט געלעבט! דער קאָפּ דרעהט זיך פאַר פרייד, מען טהוט, מען זיצט ניט ליידיג, מען מאַכט עהרע דעם יודענטהום, מען איז ניצליך דעם פּאַטערלאַנד!

אונ מיט גרויס פרייד פלעגט ער זיך טראַכטען:

— אָט נאָך נאָך אַביסעלע, אונזערע יודען זאָלען ניט װעלען זיין קיין פּאַנאַטיקער, אַװעקװאַרפען זייערע מיאוסע פּרנסות, זיך פיהרען װי עס דאַרף צו זיין, בויען פאַבריקען, אַרבייטען ערד, מאַכען רעמעסלענני שקאָלעס, װעט מען זיי רעכנען פאַר גלייכע מענשען מיט אַללע! װאָרום װאָס? צװישען אונז יודען זענען שוין ב"ה דאָ גענוג גע-לערנטע, דאָקטוירים, אינזשעניערן, קינסטלער, רעדאַקטאָרס, מחברים, געבילדעטע יונגע לייט, משכילים װאָס מאַכען עהרע דעם יודענטהום אונ ברענגען נוצען דעם פּאַטערלאַנד; נאָך, נאָך אַביסעלע, װעלען די עטליכע יודישע שענקקאָרעס, פּראָצענט-ניקעס, סוחרים אויך אַװעקװאַרפען זייערע מיאוסע פּרנסות אונ מיר יודען װעלען גלאַנצען מיט אונזער נאָמען.

די מלחמה האָט זיך געענדיגט אונ יעפּים האָט מיט גרויס שטאָלץ אונ מיט פּיעל פרייד געלייענט אין אַללע יודישע גאַזעטען אַפילו אין דעם „גאָלאָס" אויך, װי אונזערע ברידערלעך, יודעלעך, יודישע סאָלדאַטען, האָבען זיך אויסגעצייכענט אונ פאַרגאָסען זייער בלוט פאַר דעם פּאַטערלאַנד אונ װי יודישע מיידלאַך, יודישע דאָקטוירים, סטודענטען אונ סטודענטקעס האָבען זייער לעבען איינגעשטעלט אונ געטריי אַרומגע-גאַנגען אַרום די קראַנקע. —

— אָט אַזוי, אָט אַזוי, פלעגט זיין האַרץ שפּרינגען פאַר גרויס פרייד. אָט אַזוי דאַרפען זיך טאַקי פיהרען אונזערע טהייערע יודעלעך, אוי! אונ װען אונזערע פּאַנאַטיקער

זָאלֶען וָואס גִיכֶער אַוֶועקוואַרְפֶען זֵייעֶרֶע שֶׁענְקֶען, פְּרָאצֶענְט אוּנ זֵייעֶרֶע מִסְחָרִים'לַאךְ אוּנ נָאךְ אַבִּיסֶעלֶע צוּ וַוארְטֶען!.. אוּנ חֶער ווייסְט אֶפְשַׁר מַאקִי שוין. דֶער „נָאלָאס" רֶעדט שוין אויךְ גוּטְס אויף יוּדֶען, דֶעם „קְוֶועוואלַיאנִין" הָאט עֶר נוּר וָואס גוּט גֶעגֶעבֶען אִין אֵיין אַרְטִיקֶל פוּן אֵיין אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל; פִּיכְנָא, שוּלְגִין, סוּבָארִין, אָסְטְרָאוו, שְׁטָאקֶער, אָקְרֵייץ אוּנ אַלֶע אַנְטִיסֶעמִיטֶען וֶועלֶען שוין חִיכַסֶען, לָאזֶען זַיי נוּר צוּ וַוארְטֶען אַבִּיסֶעלֶע צֵייט... וֶועלֶען מִיר זֶעהן מִיט וָואס פַאר אַ נָאז דִי אַלֶע יוּדָאפָאבֶען וֶועלֶען בְּלַייבֶען!..

אַז יוּדֶען וֶועלֶען זִיךְ שוין אָנְהוֹיבֶען רֶעכְנֶען פַאר גְלַייכֶע מֶענְשֶׁען אִיז שוין בַּיי יָעפִּים'ען גֶעחֶעזֶען ווִי אויף דֶער שְׁפִּיץ נָאז. —

* * *

פְּלוּצִים טְרַראךְ! מַארַארַאךְ! — אִ י וַ ו א ן בָּ א ר ג ו י וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ שוין פוּן צֶעהן יָאהר אויסְגֶעדִיעֶנְט אִין דֶער יוּדִישֶׁער בָּאר אוּנ שוין צֶעהן יָאהר אַז עֶר דְרֶעהט זִיךְ אַרוּם אִין דִי פְּרִיבֶּענְדְזָוקֶער שֶׁענְקֶען, דֶער אִ י וַ ו א ן, וָואס זִינְט עֶר הָאט פַארְלָאזְט זַיין בָּאר שְׁטֶעלֶע, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען לֶעשֶׁען בַּיי יוּדֶען דִי שַׁבָּת'דִיגֶע לִיכְט אוּנ הֵייצֶען דִי הְרוּבֶּעס, דֶער אִ י וַ ו א ן, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶנְט אִין פְּרִיבֶּענְדְזָוקֶע פַאר אַ שְׁטָאדט-שִׁכּוֹר, פַאר אַ שְׁטָאדט-שְׁלֶעפֶּער, אִיז אִין אֵיין זוּנְטָאגדִיגֶען מַארְק טָאג אַרַיין אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג צוּ פַּ י י טֶ ע ל לָ א קְ שׁ אִין שֶׁענְק אַרַיין, זִיךְ גוּט אָנְגֶעטְרוּנְקֶען אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט בַּאצָאהלֶען, הָאט פַּייטֶעל לָאקְשׁ אִיהם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ צוּבְּלוּטִיגְט. אִ י וַ ו א ן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין מִיטֶען מַארְק צְווִישֶׁען דִי גוֹיִם שְׁרַייעֶן אַז יוּדֶען פַארְגִיעסֶען זַיין רוּסִישׁ בְּלוּט, אִיז זִיךְ אָנְגֶעלָאפֶען אַ גַאנְצֶע הָארָאמָארֶע, אוּנ הָאבֶען אויסְגֶעשְׁלָאגֶען דִי פֶענְסְטֶער, אָבְּגֶעשְׁטֶעקְט דִי צַאפֶּענְס פוּן דִי פֶאסֶער, אַרוֹיסְגֶעלָאזְט דִי פֶעדֶערְן פוּן דִי קִישֶׁען א. ד. ג. פְרִיהֶער פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ בַּיי פַּייטֶעל לָאקְשׁ דֶעם שֶׁענְקֶער, דֶערְנָאךְ בַּיי בֶּ ע רִ י ל דֶעם קְרֶעמֶער, דֶערְנָאךְ בַּיים פְּרִיבֶּענְדְזָוקֶער גְבִיר דֶעם פְּרָאצֶענְטְנִיק, דֶערְנָאךְ בַּיים חָסִיד דֶעם מֶעקְלֶער, דֶערְנָאךְ בַּיי יֶ ע פִּ י ם אַ בְּ רַ א מָ א-וִ ו י טְ שׁ פִּ י שְׁ קֶ ע מַ א כֶ ע ר, וָואס הָאט גֶעווִיעֶנְט דָאס קִינְד ווייל דָאס ווייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען פַארנוּמֶען מִיט „פַּאטֶערְלַאנְד". דֶערְנָאךְ בַּיים גְרוֹיסֶען לִיכְטִיגֶען שְׁטֶערֶען פוּן דֶער צִיוִוילִיזַאצְיֶע וָואס הָאט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן אִיהם אַ גְרוֹיסֶער יוּדִישֶׁער מְחַבֵּר, דֶערְנָאךְ בַּיי אַלֶע מַשְׂכִּילִים וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען פוּן דֶער יוּדִישֶׁער פַאנַאטִישֶׁער בְּלָאטֶע אוּנ גֶעשֶׁעפְּט דִי צִיווִילִיזַאצְיֶע פוּן דֶעם נַיינְצֶעהנְטֶען יָאהרהוּנְדֶערְט, כְּדֵי דִי יוּדֶען זָאלֶען אויךְ לַייכְטֶען אויף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גְלַייךְ מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען, אֲפִילוּ דִי בִּיבְּלִיאָטֶעק מִיט דֶער גַאנְצֶער הַשְׂכָּלָה וָואס הָאט זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען הָאט מֶען אויךְ צוּטְרָאגֶען אויף שְׁטִיק שְׁטִיקְלֶעךְ, דִי שִׁכּוֹרִים הָאבֶען גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן יוּדִישֶׁע הַייזֶער אוּנ פוּן אַלֶעם וָואס זֵייעֶרֶע אויגֶען הָאבֶען נוּר דֶערְזֶעהן.

נָאךְ דֶעם פְּלוּצִיגֶען קְלַאפּ, הָאט יֶעפִּים אַבְּרַאמָאווִיטְשׁ מִיט זַיינֶע מַשְׂכִּילִים גֶערֶעכֶנְט אַז דֶער פַאר וָואס יוּדֶען הָאבֶען אַזוֹי אוּנְשׁוּלְדִיג גֶעלִיטֶען, וֶועט מֶען שוין רַחֲמָנוּת הָאבֶען אויף דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פָאלְק אוּנ מֶען וֶועט שוין אַיינְזֶעהן אַז

זֶען דארף זיי מאַכֶען פאר גְלייכֶע בירְגֶער כְּדֵי אַנְדערֶע זָאלֶען זֶעהן אַז יודֶען וֶוענֶען אוי מֶענְשֶׁען און מֶען דארף זיי ניט אָבִּידֶען . יֶעפִים אַבְּרַאמָאוויטְש האט עֶרְגַאנְצְטֶעם אַפִּיל פון די אַנְטִיסֶעמִיטִישֶׁע צייטוּנְגֶען אַז זיי וֶועלֶען חָאטְש אִיצְטֶער זָאגֶען אַ גוּט וָוארְט פאר די אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יוּדֶען, זיי וֶועלֶען רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אויף די אוּמשולְדִיגֶע, זיי וֶועלֶען זיך באַטְרַאכְטֶען אַז גֶענוּג זיך נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען אין יוּדֶען , וָוארוּם וָואס קֶען נאך זיין אַיין עֶרְגֶערֶע נְקָמָה פאר אַשׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל ווי דָאס וָואס עֶס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אויף די פְּרִיבֶּעגִי דִיוָוקֶער יוּדֶען ? — — — — — — —

אוּמְגְלִיקְלִיכֶער יֶעפִים אַבְּרַאמָאוויטְש ! מֶען וָואלְט באַדַארְפְט זֶעהן מִיט וָואס פאר אַ בְּלַאס פָּנִים , ווי אַזוֹי דֶערשְׁלָאגֶען, ווי אַזוֹי דֶערהַרְגֶעט ; עֶר אִיז אִיצְטֶער גֶעלֶעגֶען אויף דֶער גַאס אויף זַיינֶע צוּשְׁלָאגֶענֶע בֶּענְקְלֶעך , צוּרִיסֶענֶע קִישֶׁען און ווי אַזוֹי מֶען הָאט פון אִיהם אַ חֵל גֶעמַאכְט . נֵיין ! נִיט די בֶּענְקְלֶעך נִיט די צוּרִיסֶענֶע קִישֶׁען , נִיט זַיין גַאנְץ פַארְמֶעגֶען מִיט זַיין גַאנְץ בַּעֲלֵי בַּתִּישְׁקֵייט הָאט אִיהם גֶעאַרְט און זַיין קָאפּ אַזוֹי דֶערשְׁלָאגֶען , דֶערפוּן הָאט עֶר גָאך אֲפִילוּ גָאר נִיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרַאכְטֶען , נוּר זַיין הַארְץ ! זַיין הַארְץ ! — זַיין רִיהְרֶענְדִיג ווארֶעם הַארְץ הָאט אִיהם גֶעמוּטְשֶׁעט און גֶעמוּטְשֶׁעט ! . . . ;

דְעם קָאפּ און די אויגֶען , הָאט עֶר אַרָאבְּגֶעלָאזְט בִּיז אִין דֶער עֶרְד פאר . . . בִּנְיָן פאר יֶענֶעם . . . פאר זיך אַליין ; זַיין גַאנְצֶער פְרִיהֶערְדִיגֶער זְטַאלְץ אִ . . . אִיהם פַארְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארְן און אַז עֶר הָאט אוּנְטֶערְגֶעוויילֶעבְּס אויף אַ מִינוּט אויפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אויגֶען און גֶעזֶעהן אַרוּם זיך טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען , פְרוּמֶע יוּדֶען צוּזַאמֶען מִיט מַשְׂכִּילִים , וָואלְגֶערְן זיך אויף דֶער גַאס מִיט זַייעֶרֶע גֶעבְּלִיבֶּענֶע שְׁפֶּענְדְלִיך , הָאט אִיהם זַיין ווארֶעם הַארְץ אַזוֹי אָנְגֶעהוֹיבֶּען דְרִיקֶען , אַז עֶר וָואלְט דַאכְט זיך אָט די אַלֶע אָבְּגֶעראבֶּעוועטֶע יוּדֶען מִיט זַייעֶרֶע ווייבֶּער און פִיצֶעלֶעך קִינְדֶערְלֶעך אַרוּנְטֶערגֶענוּמֶען אוּנְטֶער זַיין קַאפָּאטֶע , זיי גוּט , גוּט גֶעטְרַיי פַארְדֶעקְט מִיט זַיינֶע פָּאלֶעס און אַזוֹי שְׁטִיל פַאוָואלֶע טְרִיט בַּיי טְרִיט , אָהן גֶעפִילְדֶער מִיט זיי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען עֶרְגֶעץ ווייט , ווייט פון מֶענְשֶׁען... גַאנְץ ווייט וואו די זוּן שַׁיינְט וואו די בּוּימֶער בְּלִיהֶען וואו די פֶעלְדֶער שְׁפְּרָאצֶען , נוּר עֶר קוּקְט זיך אַרוּם אויף אַלֶע פִיער זַייטֶען ווי אַיינֶער פְרֶעגְט : וואו און אויף וֶועלְכֶער זַייט שַׁיינְט די זוּן , וואו בְּלִיהֶען די בּוּימֶער ? נוּר קֵיינֶער עֶנְטְפֶערְט אִיהם נִיט , מֶען פְרֶעגְט אִיך בַּיי אִיהם וָואס וֶועט זַיין אִיצְטֶער , וָואס טְהוּט מֶען ווייטֶער ? נוּר עֶר שְׁווייגְט ווי אַ שְׁטֵיין , עֶר ווייסְט נִיט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערְן , ווי דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער נִשְׂרָף וָואס עֶס בְּרֶענְט אָב בַּיי אִיהם זַיין אַיינְצִיג שְׁטִיבֶּעל וֶוען עֶר בְּלַייבְּט זִיצֶען אויף די חָאלָאוֶועשְׁקֶעס און זַיין ווייב און קִינְדֶער פְרֶעגֶען בַּיי אִיהם וואו זָאל מֶען אִיצְטֶער גֶעהן , וואו זָאל מֶען אַהִין טְהוּן די גֶעראַטֶעוועטֶע , אָבְּגֶעלָאשֶׁענֶע שְׁטִיקְלֶעך , דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער עֶנְטְפֶערְט נִיט , אָהן וָוארְטֶער צוּשְׁפְּרֵייט עֶר נוּר בֵּיידֶע הֶאנְד ווי גְלַייך עֶר זָאגְט : לָאזְט מִיךְ אָבְּרוּהֶען אויף מַיינֶע חָאלָאוֶועשְׁקֶעס , אִיךְ בִּין זֶעהר פַארמוּטְשֶׁעט , בַּיי מִיר אִיז אִיצְט אַלְץ אַיינְס , עֶס אִיז מִיר שְׁוֶוער צוּ רֶעדֶען , לָאזְט מִיךְ אָבְּרוּהֶען .

חייקיל'ס ריהרענדיג הארץ איז איצטער פארגליוועקט געוואָרן, ער האָט זיך אָבגערוהט...

⁂

פּאַנגראָמען!... די צייטונגען האָבען גיט אויסגעווייעט צו באַשרייבען איין פּאָגראָם זענען שוין געוועזען דעפּעשען פון אַ נייעם פּאָגראָם! די יודישע וועלט קעהרט זיך... עס קאָכט זיך... עס מאַראַראָמט זיך!... אונ חייקיל'ס הארץ האָט זיך אויך אַ קעהר געטהון, נור וואָס? האָט ער אליין ניט געוואוסט, נור זיין הארץ איז אַביסעלע אויפגעלעבט געוואָרן; „עס מהוט זיך" האָט ער געטראַכט „סתּמא וועט עפּיס ווערען, אונ וואָס עס וועט זיין מיט כּל ישׂראל וועט זיין מיט ר' ישׂראל – וועט זיין מיט מיר אויך, מען דאַרף וואַרטען וואָס וועט זיין, וואָס וועט מען זאָגען אונ חייקיל האָט אָנגעהויבען גוט זיך צוהערען, „וואָס וועט מען זאָגען" ד. ה. וואָס וועלען זאָגען די גרויסע לייט, די גרויסע יודען פון דער גרויסער וועלט וואָס זענען נוצליך דעם פּאַטערלאַנד אונ מאַכען עהרע דעם יודענטהום אונ זאָרגען פאר כּל ישׂראל.

עס איז אָבער אַוועקגעגאַנגען אַ צייט אונ די גרויסע האָבען אויך ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, מען האָט נור געפּילדערט אונ געליאַרעמט: מען טרייבט אונז, לאָמיר לויפען, לאָמיר פליהען, לאָמיר יאָגען. וואו לויפען וואו אַהין פליהען? האָט קיינער דערוויי ניט אָנגעוויזען, מען איז נור געלאָפען צו די טויערן, דאָרט זענען געוועזע' חברות, אַ טהייל האָבען געשריגען: „פאָהרט יודען קיין אַמעריקא" אונ אַ טהייל – „קיין פּאַלעסטינא".

מיט איין וואָרט די יודישע וועלט דרעהט זיך, מען קלינגט, מען רעש'ט, מען הילקט, מען לויפט, מען פליהט, מען שרייט אונ מען פּילדערט, עס קאָכט זיך עס מאַראַראָמעט זיך אונ חייקיל, חייקיל, די ריהרענדיגע נשמה ריהרט זיך אויך –

– נאָך וואָס זאָל איך פאָהרען קיין אַמעריקא, האָט ער געשריגען, איך האָב אַלעס געטהון איך זאָל יענעם געפעלען, געענוג... קיין פּאַלעסטינא! האָט ער געשריגען אין איין קול.

די יודישע צייטונגען האָבען אויך דאָס רוב געשריגען: פּאַלעסטינא! אַללע מאָל האָט חייקיל געלעזען נייע קאָרעספּאָנדענציעס פון פאַרשיעדענע שטאָדטליך ווי עס ווערען „חברות פּאַלאָסטינצעס", אין די גרויסע שטאָדט ווערען גרויסע חברות מיט אסיפות מיט קאָנגרעסען אונ קאָנפערענציעס, קיין פּאַלעסטינא שיקט מען אַללע מאָל נייע מרגלים זיי זאָלען אויספאָרשען דאָס יודישע לאַנד אונ באַקענען זיך מיט די דאָרטיגע וויינטרויבען, באָקסאָרן, טייטלען אונ מילגראַמען, דאָ האָט ער געלייענט אַ שאָנע בעשרייבונג פון פּאַלעסטינא אָדער אַ פּאַלעסטינישען ראָמאַן ווי דער העלד שטעהט אין פּאַלעסטינא ניט ווייט פון ירושלים נעבען אַ ברונען, געבען אָהלבירטען א. ז. וו.

דער גאַנצער געפּילדער, איז שטאַרק געפעלען אַזאַ פּאַעטישע נאַטור ווי חייקיל איז געוועזען, ער האָט זיך איבערגעגעבען דער אידעע פון פּאַלעסטינא מיט זיין גאַנץ

וואָרעם האָרץ ערנסט אָהן שום חָכְמוֹת . די גאַנצע טְהַייעֶרע פּאָעזיע וואָס ער האָט געזעהן פאַר זיינע אויגען ווען ער האָט קינדוויז געלערנט חומש , וואו ער איז בעקאַנט געוואָרן מיט דעם מְהַייעֶרן „אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל“ מיט זיינע אַללע שאָנע פעלדער , וואַלדער , בערג און טאָהלען , האָט זיך איינגעצאַפּט איהם מיט די שאָנסטע בילדער פאַרגעשטעלט פאַר זיינע אויגען . ער האָט טאָג מיט נאַכט געלעבּט נור מיט פּאַלעסטינאַ ; ער האָט אַפילו פאַרגעסען אין זיינע אייגענע ווייב און קינדער , ער האָט אָנגעהויבען לייענען ווייטער דעם „אַהֲבַת צִיּוֹן“ מיט דעם „אַשְׁמַת שׁוֹמְרוֹן“ פון מאַפּו און האָט נאָך אַמאָל געזעהן דאָס יודישע לאַנד מיט זיין גאַנץ שאָנקייט .

חוץ פּאַלעסטינאַ איז ביי חייקעלען אין די געדאַנקען גאָר ניט מעהר געוועזען אויף דער וועלט פאַר די יודען , וועלכע ער איז ווי תָּמִיד געוועזען איבערגעגעבען מיט זיין גאַנץ לעבען . – עס פאַרשטעהט זיך אַז פון דער פריהערדיגער חֶבְרָה „מַשְׂכִּילִים“ אין פריבענדריוקע איז געוואָרן אַ חֶבְרָה „פּאַלעסטינצעס“ און מען האָט איבערגעטהון מַעֲשִׂים איבער מַעֲשִׂים : מען האָט געמאַכט אֲסִיפוֹת , מען האָט געהאַלטען פייערדיגע רעדען פאַר פּאַלעסטינאַ , אויף די אֲסִיפוֹת האָט מען צוגעלאָזט ווער עס איז נור געקומען : אַלטע , יונגע יונגלעך מיט מיידלעך פון צווייטען אָדער דריטען קלאַס גימנאַזיע . פיעל פון די קינדער האָבען זיך אַזוי צוהיצט פאַר דער אידעע , אַז גימנאַזיסטען און גימנאַזיסטקעס האָבען אַוועקגעוואָרפען זייער לערנען , אַרויסגענגנביט זיך פון די עלטערן און זענען אַנטלאָפען קיין פּאַלעסטינאַ אַרבייטען ערד ! . . .

אין פריבענדריוקע איז געווען אַ מְלַמֵּד וואָס האָט געהאַט אַכט קינדער (דאָס עלטסטע איז זעכצעהן יאָהר) מיט אַהאַלב קראַנק ווייב און אַליין האָט ער זיך אַרומגעטראָגען מיט דער באוואוסטער יודישער קרענק , האָט זיך געמאַכט אַז ער האָט געהאַט אַ שלעכטען זְמַן ד. ה. פריהער פלעגט ער האָבען פופצעהן תַּלְמִידִים און היינט מעהר ניט ווי עלף , איז ער געוואָרן אַ פּאַלעסטינעץ און האָט אין איין קול געשריגען אַז ער זעהט פאַר זיך אין פריבענדריוקע קיין שום אויסגאַנג ניט , און וויל קיין פּאַלעסטינאַ . האָבען איהם די פריבענדריוקער חֶבְרָה מיט פיעל מיה פון טויזענדטער גראָשענס געמאַכט אויף הוֹצָאוֹת הונדערט פופציג רובל און דעם מְלַמֵּד מיט דער האַלב קראַנקער רביצין , מיט די אַכט פיצעלעך קינדער , אַוועקגעשיקט קיין פּאַלעסטינאַ אַרבייטען ערד ! . . .

אויך האָט זיך געפונען אַ פוסטער בעזונדראַמאַטנער אַלטער בָּחוּר , וואָס האָט זינט ער לעבט ניט געטויגט צו קיין שום זאַך אין זיין גאַנץ לעבען , מעהר ניט געטהון ווי געהערט שאָנע אומשולדיגע מיידלעך , און אַז ער איז הונגעריג געוואָרן איז ער געלאָפען אַהיים צו זיינע אָרימע עלטערן און האָט אויפגעגעסען ביי זיי דעם לעצטען ביסען און געגעבען שטענדיג זאָגען אויף זיך : ווען איך זאָל האָבען געלד אויסצופאָהרען די וועלט וואָלט איהר געזעהן ווי אַזוי איך וואָלט ניט פאַרפאַלען געוואָרן אין דער גרויסער וועלט , ווי איך וואָלט געוואוסט פון אַ וועלט צו זאָגען – אָט דעם אַלטען לידיגען בָּחוּר האָט די זיינע עהרליכע פריבענדריוקער חֶבְרָה פּאַלעסטינצעס אַוועקגעשיקט פאַר זייערע אָרימע גראָשענ'ס קיין פּאַלעסטינאַ אַרבייטען ערד ! . . .

מִיט אֵיין וָוארְט אָהן שׁוּם קְלוֹיבֶּען הָאט דִי חֶבְרָה גֶעשִׁיקְט קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא נַייֶע יוּדִישֶׁע אֶקערבוֹיעֶר, וִוי בַּאלְד אִין דֶער קַאסֶע הָאט זִיךְ נוּר גֶעפוּנֶען אַ גְרָאשֶׁען...

אוּנ חַייקִיל מִיט זַיין חֶבְרָה הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִּיהלְט גְלִיקְלִיךְ אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ אוּנ מִיט גְרוֹיס פֶּערגְנִיגֶען הָאבֶּען זַיי וַוייטֶער גֶעלֶעזֶען „פַּאלֶעסְטִינְסְקִי גַאזֶעטֶען" מִיט בִּיבֶּער וואוּ עֶס אִיז בַּאשְׁרִיבֶּען וִוי עֶס טְהוּט זִיךְ, עֶס דְרֶעהט זִיךְ אוֹיף דֶער יוּדִישֶׁע־ וֶועלְט. גָאר אַ נַייֶע וֶועלְט הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט פַאר יוּדֶען!.. אָט שְׁמוּעסֶען דִי גַאזֶעטֶען אַז בַּאלְד וֶועט פָאהרֶען אוֹיסזֶעהן דָאס לַאנְד גָאר דֶער גְרֶעסְטֶער פַּאלֶעסְטִינֶעץ, דֶענְסְטָמָאל וֶועט שׁוֹין אַוַדַאי זַיין גוּט; אָט שְׁמוּעסְט מֶען פוּן אַ נַייֶעם פַּאלֶעסְטִינְסְקֶען קָאנְגְרֶעס פוּן אַלֶע גְרוֹיסֶע לַייט, דֶענְסְטְמָאל וֶועט מֶען שׁוֹין אַוַדַאי וִויסֶען...

אוּנ אוּנְזֶער חַייקִיל הָאט מִיט זַיין רִיהרֶענְדִיגֶער נְשָׁמָה וַוייטֶער אוֹיפגֶעלֶעבְּט!..

פוּן דֶער צַייט אָן הָאבֶּען אִיהם אַלֶע אִין פְּרִיבֶּענְדִיוָוקֶע אָנגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען „דֶער פַּאלֶעסְטִינֶעץ".

עֶס בְּלַייבְּט נָאךְ, אַייךְ צוּבַּאקֶענֶען מִיט דֶעם פַּאלֶעסְטִינְצֶעם בִּילְד, מִיט זַיין גֶע־שְׁטַאלט, מִיט זַיין גַאנְג א. ד. ג.

עֶר אִיז מִיטֶעל גֶעוַואקְסֶען, אַ בְּלַייךְ אוֹיסגֶעדַארְט פָּנִים, גְרוֹיסֶע פַייֶערְדִיגֶע גוּטֶע אוֹיגֶען וָואס מַאכֶען אוֹיף יֶעדֶען דֶעם בֶּעסְטֶען אַיינְדְרוּק, זַיינֶע אוֹיגֶען זָאגֶען אַלֵיין: „אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַלֶע לִיעבּ", דִי נָאז אַבִּיסל גְרֶעסֶער וִוי זִי דַארְף זַיין, צְוַויי פַארדַארְטֶע לִיפֶּען וָואס וַוייזֶען אוּם שְׁטֶענְדִיג מִיעד פוּן אַ סַךְ רֶעדֶען, אַ גְרוֹיסֶען וַוייסֶען לִיכְטִיגֶען שְׁטֶערְן מִיט שֶׁאנֶע גֶעדִיכְטֶע שְׁוַוארְצֶע הָאר, נוּר זַיי לִיגֶען שְׁטֶענְדִיג נִיט וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין. אַ צְוַויי דְרַיי פֶעדֶערְן פוּן דֶעם קִישֶׁען, אוֹיבּ אִיהר וֶועט זִיךְ צוּ קוּקֶען וֶועט אִיהר זֶעהן אוֹיף זַיין קָאפּ, אַלֵיין שְׁטַארְק צוּטְרָאגֶען אוּנ שְׁטֶענְדִיג וִוי קֵיין צַייט נִיט, וִוי פַארנוּמֶען, גֶעקְלַיידֶעט גַאנְץ, נוּר נִיט פַאר שְׁפִּילֶעוֶועט אוֹיף אַלֶע קְנֶעפְּלִיךְ, פוּן וַוייסֶען גֶעפְּרֶעסְטֶען קָאלְנֶער הָאט שְׁטֶענְדִיג נָאכגֶעהָאנְגֶען אַשְׁטִיקֶל פֶּאדִימ׳ל אוּנ עֶמִיצֶער זָאל אַצִיה מוּהן דָאס פֶּאדִימ׳ל וָואלְט זִיךְ אוֹיסגֶעטְרֶענְט דֶער גַאנְצֶער קָאלְנֶער מִיט עֶטְלִיכֶע צֶעהנְדְלִינְג אַרְשִׁין פָאדִים. בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אָדֶער אוֹיף אֵיין אֲסִיפָה פוּן דֶער חֶבְרָה הָאט מֶען אִיהם שְׁטֶענְדִיג גֶעקֶענְט זֶעהן מִיט אַ פֶּען פַארשְׁטֶעקְט אוּנְטֶער דֶעם רֶעכְטֶען אוֹיעֶר אוּנ מִיט אַ רוֹיטֶען בְּלַייִשְׁטִיפְט אוּנְטֶערְן לִינְקֶען אוֹיעֶר, אוּנ מִיט אַ הוֹילְץ בְּלַייִשְׁטִיפְט זִיךְ רַיינִיגֶען דִי צֶאהן אוּנ דֶעם אוֹיעֶר.

חַייקִיל אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פוּן קֵיין אָרִימֶע עֶלְטֶערְן, דְרוּם הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען בַּיי דִי פְּרִיבֶּענְדִיוָוקֶער יוּדֶען „דֶער וואוילֶער יוּנְגֶער מַאנְן", „אַ גֶערָאטֶענֶע זַאךְ", „אַ מֶענְשׁ מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת", „עֶר טוֹיג צוּ גָאטְט אוּנ צוּ לַייט", „מֶען מֶעג אִיהם שְׁטֶעלֶען פַאר דֶעם קֵייסֶער" א. ז. וו.

~~~
~~~

# III.

## דֶער אַסִימִילַאטָאר.

אוּם אַייךְ צוּ בַּאקֶענֶען מִיט דֶעם צְוֵוייטֶען פַּארְשׁוֹין – מִיט דֶעם אַסִימִילַאטָאר ה׳ יַאקוֹב ווִישֶׁקֶעמַאכֶער. מוּז מֶען פְרִיהֶער חָאטְשׁ אִין קוּרְצֶען פָארְשְׁטֶעלֶען זַיינֶע עֶלְטֶערן.

זַיין פָאטֶער בֶּארִים לֶעאָנְטֶעוִויטְשׁ ווִישֶׁקֶעמַאכֶער הָאט כִּמְעַט גֶעהַאט אַזַא עֶרְצִיהוּנג ווִי אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער יֶעפִּים אַבְרַאמָאוִויטְשׁ ווִישֶׁקֶעמַאכֶער, עֶר אִיז אוֹיךְ אַנְטְלָאפֶען פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערן אִין דֶער גְרוֹיסֶער ווֶעלְט אַרַיין, אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעווָארְפֶען פוּן זִיךְ דָאס גַאנְצֶע יוּדִישְׁקַייט כְּדֵי צוּ שֶׁעפֶּען פוּן דֶער לִיכְטִיגֶער צִיווִילִיזַאצְיֶע א. ד. ג.

נוּר מִיט דִי ווַייטֶערדִיגֶע שְׁרִיט פוּן לֶעבֶּען הָאט זִיךְ בַּיי יֶעדֶען פוּן זֵיי אוֹיסגֶעלָאזְט גָאר אַנְדֶערְשׁ: פְרִיהֶער פַאר אַלֶעם דַארְפְט אִיהר נִיט פַארגֶעסֶען, אַז בָּארִים אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעווָארן אוּנ הָאט גֶעלֶעבְּט גָאר אִין אַיין אַנְדֶער צַייט ד. ה. עֶר אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעווָארן פְרִיהֶער מִיט אַ יָאהר דְרַייסִיג פוּן יֶעפִּימֶ׳ען, בָּארִים הָאט גֶעהַאט שׁוֹין אַ זוּהן יַאקָאב כִּמְעַט אִין אֵיינֶע יָאהרֶען מִיט יֶעפִּים.

ווֶען בָּארִים אִיז אִין זַיינֶע צַייטֶען אַנְטְלָאפֶען אִין דֶער ווֶעלְט אַרַיין, הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין נִיט אוּמגֶעקֶעהרְט צוּרִיק אַהֵיים ווִי אַ בַּעַל תְּשׁוּבָה, עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער גְרוֹיסֶער ווֶעלְט, וואוּ מֶען הָאט זֶעלְטֶען נוּר בַּאגֶעגִינְט אַ יוּדֶען אוּנ הָאט זִיךְ דָארְט אַזוֹי אַיינגֶעווָאהנְט אַז עֶר הָאט גָאר פַארגֶעסֶען אָן דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען. דֶערצוּ הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט פַאר אַ יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער פוּן דֶער גְרוֹיסֶער ווֶעלְט ווֶעלְכֶע הָאט אִין אִיהר גַאנְץ לֶעבֶּען גָאר קֵיין יוּדֶען נִיט גֶעזֶעהן, זִי הָאט נָאר נָאכְדֶערצֶעהלְט אַז אִיהר זֵיידֶע, וָואס אִיז שׁוֹין פוּן אַ יָאהר דְרַייסִיג טוֹיט, אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בַּארְדִיטְשֶׁעוֶוער יוּד אוּנ אִין אַיין צַייט אִיז עֶר אֲפִילוּ דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ שׁוֹחֵט אוֹיךְ, אוּנ אַז זִי הָאט גֶעהַאט אַ בָּאבֶּע, ווֶעלְכֶע זִי הָאט נָאךְ גֶעדֶענְקְט אַלְס קִינְד, פְלֶעגְט זִי נִיט פַארְשְׁטֶעהן אַ ווָארְט רוּסִישׁ אוּנ פְלֶעגְט עֶסֶען בַּאזוּנְדֶער, ווַייל זִי הָאט נוּר לִיעבּ גֶעהַאט צוּ עֶסֶען „בְּשֶׂרְנַא", אָט נוּר דֶערפוּן הָאט בָּארִים׳ֶעם ווַייבּ גֶעוואוּסְט אַז זִי אִיז אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ ווֶעט חֲתוּנָה הָאבֶּען „פָּא מָאסֶעיֶעווָא זַאקָאנוּ". – ווֶען זִי הָאט אַמָאל בַּאגֶעגֶענְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער רוּסִישֶׁער שְׁטָאדט אַ פַארבְּלָאנְזֶעטֶען יוּדֶען מִיט אַלַאנְגֶע בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת אוּנ מִיט אַ לַאנְגֶער קַאפָּאטֶע, אָדֶער אַ יוּדֶענֶע מִיט אַ קָאפֶּען-טִיכֶעל אוּנ מִיט אַ קָאלִירָאוֶוע פַארְטוּךְ אוּנ מִיט אַ קִינְד בַּיי דֶער הַאנְד, פְלֶעגְט זִי זִיךְ, נִיט ווִילֶענְדִיג, צוּלַאכֶען אוּנ עָם דֶערצֶעהלֶען דֶערנָאךְ אִין דֶערהֵיים מִיט פֶארְגְנִיגֶען, ווִי גְלַייךְ זִי הָאט עֶפִּים גֶעזֶעהן נַייעָ מִינִים קָאמֶעדְיַאנְטֶען:

– אִיךְ הָאבּ הַיינְט גֶעזֶעהן אַ יוּדֶען מִיט אַ יוּדֶענֶע מִיט קְלֵיינֶע יוּדֶעלֶעךְ אוּנ אַזוֹי סְמֶעשְׁנָא (לֶאכֶערְלִיךְ) אָנגֶעטָהוּן אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַזוֹי צוּלַאכְט, אַזוֹי צוּלַאכְט!...

ווֶען אֵיינֶער פוּן דֶער פַאמִילְיֶע הָאט אִיהר דַארוֹיף גֶעעֶנְטְווֶערְט:

– וָואס לַאכְסְט דוּ אַזוֹי, דַיין דְיֶעדָאשְׁקַא מִיט דַיין בַּאבָּאשְׁקָא זֶענֶען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעגַאנְגֶען? –

– נָא וָואס זֶשֶׁע אִיז? זֶענֶען זֵיי אוֹיךְ טַאקִי גֶעוֶועזֶען „סְמֶעשְׁנַא“..

גֶערוּפֶען הָאט מֶען זִי אָלְגַא אִיוַואנָאוְנַא אוּנ אָט מִיט דֶער אָלְגַא אִיוַואנָאוְנַא הָאט בָּארִיס גֶעהַאט אַ זוּהן צוּ מַזָל– אוּנְזֶער קִינְדְפְּטִינְגֶען אַסִימִילַאטָאר יַאקָאב בָּארִיסָאוִויטְשׁ וִוישְׁקֶעמַאכֶער.–

יַאקָאב אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארן אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדט פוּן וַואנֶען זַיין מוּטֶער אִיז אוּנ הָאט אוֹיךְ, פַארשְׁטֶעהט זִיךְ, אִין זַיינֶע קִינְדֶערְיָאהרֶען נִיט גֶעזֶעהן קֵיין יוּדֶען, נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט פוּן יוּדִישֶׁע יָמִים טוֹבִים פוּן שַׁבָּת וָואס לָאזֶען אִיבֶּער פַאר יוּדִישֶׁע קִינְדֶער לְזִכָּרוֹן אוֹיף זֵייעֶר גַאנְצֶן לֶעבֶּען דִי שֶׁאנְסְטֶע לִיעבְּסְטֶע בִּילְדֶער, ווִי דִי שֶׁאנֶע שִׂמְחַת־תּוֹרָה'דִיגֶע נַאכְט מִיט דֶער בַּאלַייכְטֶעטֶער שוּל, דֶעם שֶׁאנֶעם טְהַייערן שַׁבָּת'דִיגֶען טִישׁ, דֶעם לִיכְטִיגֶען סֵדֶר אוּם פֶּסַח דִי פּוּרִים'דִיגֶע גָאלְדֶענֶע נַאכְט פַאר קִינְדֶער. אִיפִּיעל פַארגְנִיגֶען הָאט דֶער יוּד, עֶר מֶעג זַיין אַ פְרוּמֶער חָסִיד צוּ אַ מִתְנַגֵד, עֶר מֶעג זַיין אַ גֶעגָאלְטֶער יוּד וָואס הָאט שׁוֹין לַאנְג אַ יוּדִישׁ וָוארְט אוֹיף זַיין מוֹיל נִיט גֶעבְּרַאכְט, עֶר מֶעג צְוַואנְצִיג יָאהר וָואהנֶען וַוייט גַאנְץ וַוייט פוּן יוּדֶען אוּנ כִּמְעַט שׁוֹין גָאר פַארגֶעסֶען אַז עֶר אִיז אַ יוּד, נוּר אוֹיב עֶר גֶעדֶענְקְט נוּר פוּן זַיינֶע קִינְדֶערְיָאהרֶען, דִי יוּדִישֶׁע יָמִים טוֹבִים אוּנ שַׁבָּתִים, דִי יוּדִישֶׁע בַּאלַייכְטֶעטֶע שׁוּל, דֶעם חַזָן מִיט דִי זִינְגֶערְלֶעךְ, דִי זִיסֶע לִיעבֶּע יוּדִישֶׁע נִגוּנִים פוּן דֶעם יוֹם־טוֹב'דִיגֶען דַאוְונֶען, דִי פּוּרִים'דִיגֶע נַאכְט מִיט דִי טְהַייעֶרֶע צוּקֶערדִיגֶע שְׁפִּיעלֶעכְלֶעךְ אוּנ דֶער גְרַייגֶער, דִי פִּיעֶר קַשְׁיוֹת מִיט דֶעם נַייעֶם קַאפָּאטֶקֶעלֶע אוֹיף פֶּסַח זִיצֶענְדִיג בַּיים סֵדֶר נֶעבֶּען דֶער אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶער מַאמֶען אוּנ אַרוּמְגֶענוּמֶען מִיט אִיהרֶע גֶעטְרַייעֶ הֶאנְד, דֶעם „ל"ג בָּעוֹמֶר“ מִיט דֶעם פַייעֶלֶענבּוֹיגֶען פָאהרֶענְדִיג מִיט אַ גַאנְצֶער קָאמְפַּאנִיע קִינְדֶער צוּם גְרִינֶעם וַואלְד, אוֹיף דִי בְּרַייטֶע פֶעלְדֶער אַרוּמלוֹיפֶען אוּנ שִׁיסֶען, דֶערנָאךְ וֶוערֶען מִיעד, זִיךְ אוֹיסְרוּהֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער קָאמְפַּאנִיע קִינְדֶער אוּנ פַארבַּייסֶען מִיט אַייעֶר קִיכְלֶעךְ, גֶעקָאכְטֶע אַרְבֶּעס אוּנ פַארטְרִינְקֶען מִיט קְוַואס אוּנ דֶערנָאךְ אָבֶענְד וֶוען דִי זוּנְן פַארגֶעהט לוֹיפֶען גְלַייךְ מִיט דֶער טְשֶׁערֶעדֶע אִין שְׁטָאדט אַהַיים! דֶעם טְהַייעֶרן יוֹם טוֹב שְׁבוּעוֹת, ווֶען דָאס יוּדִישֶׁע יוּנְגְ'ל אִיז פַארנוּמֶען אוֹיסצוּפוּצֶען דִי שְׁטוּב מִיט גְרִינֶע בְּלֶעטֶער... דִי תִּשְׁעָה בְּאָב'דִיגֶע בִּיקְס, דִי שִׂמְחַת תּוֹרָה'דִיגֶע פָאן, דָאס חֲנוּכָּה דְרַייעֶדְל, דָאס מִיט־הֶעלְפֶען אָנצִינְדֶען דֶעם טַאטֶענְס לֶעמְפֶּעל... א. ז. וו. דָאס אַלֶעס אוֹיב דֶער יוּד גֶעדֶענְקְט פוּן זַיינֶע קִינְדֶערְיָאהרֶען, קֶען עֶר אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין ווִי אַ וַוארֶעמֶער יוּד, אַ הַייסֶער יוּד, אַ יוּד וָואס אִיז אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען מִיט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען יוּדֶען אוּנ דֶעם יוּדֶענְטְהוּם.

אָט דִי יוּדִישֶׁע קִינְדֶערשֶׁע יָאהרֶען מִיט דִי יוּדִישֶׁע יָמִים טוֹבִים הָאט יַאקָאב נִיט גֶעהַאט, עֶר הָאט נוּר גֶעוואוּסְט אַז עֶר הָאט אֵיין מָאל אִין יָאהר אַ גֶעבּוּרְטסְטָאג, ווֶען זַיינֶע עֶלְטֶערן אוּנ בַּאקַאנְטֶע שֶׁאנְקֶען אִיהם אַ סַךְ מַתָּנוֹת, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט אַז אֵיין מָאל אִין יָאהר „רָאזְשְׁדֶעסְטְוָוא“ מַאכְט מֶען פַאר אִיהם אַ יָאלְקֶע בַּאלַייכְטֶעט מִיט אַ סַךְ לִיכְט אוּנ פֶּערְצִיערְט מִיט אַ סַךְ מַתָּנוֹת; שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסֶל הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעוואוּסְט אַז בַּיי זַיין חֲבֵר וַואסְיָא זֶענֶען דֶערפַאר דָא אַ סַךְ יָמִים טוֹבִים וַוייל וַואסְיעס

עלטערן זענען „פראוואסלאוונע" און זיינע עלטערן זענען „מאאיסעיעווא זאקאנא" דרום זענען ביי זיי כמעט גאר קיין ימים טובים ניט דא ;

אזוי זענען אוועקגעגאנגען יינגע קינדער יאהרען ביז א יאהר ניין, אויף דעם ניינטען יאהר זענען זיינע עלטערן איבערגעפאהרען אין אונזער שטאדט פריבענדיווקע, ווייל די געשעפטען וועלכע זיין פאטער האט געהאט ארום דעם געגענד האבען איהם דערצו גענייט ער זאל זיך מיט זיין פאמיליע באזעצען אין פריבענדיווקע. —

אין אנהויב האבען די פריבענדיווקער יודען גאר ניט געוואוסט צו באריס לעאני־טיעוויטש איז גאר א יוד, אללע האבען געמיינט אז ער איז א פריץ. און ווי אזוי זאל גאר איינפאלען אין מוח אז ער איז א יוד? אז וואה'ן, וואהנט ער ניט אין דער יודישער גאס, ערגיץ אין דער זייט אין א פריצישע הויפעל מיט א גארטען, מיט בוימער, פונקט ווי א [illegible] זיין ווייב, זיינע קינדער און די דיענסטען רעדען אזוי גוט גויש פונקט ווי [illegible] גוים, מיט קיין יודען האט ער קיין אומגאנג ניט, אין קיין שול קומט ער ניט, שטענדיג פיהרט ער זיך ארום מיט פריצים, היינט ווי אזוי זאל מען דא דערקענען אז ער איז א יוד?

און אזוי איז טאקי געוועזען מיט באריס'ען אנקומען האט מען אומעטום געשמועסט אז אין שטאדט האט זיך באזעצט א נייער פריץ, איינינע יודען האבען אנגעהויבען אנ־שמעקען, זיך צושארען צו דעם דאזיגען נייעם פריץ, מיט וואס האנדעלט ער, וואס טוהט ער, וואס איז זיין געשעפט, וויפיעל דארפער האט ער און וואו געפינען זיך די דאזיגע דארפער, איז עפּיס דארט ניט דא א מילכען איין אלטס וואס מען קען דינגען און אויפבויען א נייעס, איז עפּיס ניט דא א טייכל וואס מען קען דינגען אויף עטליכע יאהר חאפען פיש, גאטט זאל נור געבען די ברכה, אדער עפּיס א שענקל אין דארף, צו א קרעטשמע אין פעלד; וואו געפינט זיך עפּיס ניט ביי א פריץ עפּיס אזוינס, א פאר־וואלגערטס, וואס ער האט עס גאר ניט אין זינען און דעם יודען זאל עס צונייץ קומען און זאל מאכען דערפון א געשעפט כדי דער יוד זאל האבען פרנסה שפע וברכה און דעם פריץ זאל ער אויך צאהלען אללע יאהר אהרענדע צום סראק, כדי דער פריץ זאל דערנאך דערצאהלען אויף א גרויסען באלל זיינע גרויסע שררים אז ביי איהם אין דארף געפינט זיך א „יאסקע" איז דאס א „משעסטנע זשידאק" און לאזען אללע שונאי ישראל וויסען אז עס איז גאר ניט דא קיין עהרליכערס פון א יודען, דער ארימער יוד דארף נור האבען פרנסה ברענגט ער שוין אויך דעם פריץ נוצען מיט הכנסה אויף אזוינע זאכען וואס דער פריץ האט זיך גאר פריהער ניט ארומגעקוקט.

— מען דארף זיך צושארען צום נייעם פריץ, האבען זיך איינינע פריבענדיווקער יודען ניט אויפגעהערט צו טראכטען, — און אפשר ווער ווייסט, אפשר נאך זיינע אללע דארפער דארף ער האבען א צוויי דריי טויזענד רובל אויף פראצענט אויף א צוויי דריי חדשים, טאמער וועט מען דורך דעם עפּעס פארדיענען א קערבל, וואס דען זאל דער יוד טוהן ער מוז זיך ציהען זיין פרנסה דורך עפּעס, טאמער דארף ער האבען עפּעס

סְחוֹרָה, עֶפֶּעס אַ גוּטֶען שְׁנַיידֶער, מַאלָא וָואס אַ פָּרִיץ קֶען דַארְפֶען וָואס דֶער יוּד קוּקְט זִיךְ גָאר דְרוֹיף נִיט אַרוּם, עֶס קוּמְט אִיהם גָאר נִיט אוֹיף דֶעם מוֹחַ.

אוּנ עֶטְלִיכֶע פְּרִיבֶּענְדְרִיוְוקֶער יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ טַאקִי צוּגֶעשַׁארְט צוּם נַייֶעם פָּרִיץ, גֶענַאנְגֶען צוּ אִיהם, זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בַּיי דֶער טְהִיר, אַרָאבְּגֶענוּמֶען דָאס הִיטֶעל, זִיךְ אַיינגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרַייעֶן אוּנ גֶערוּפֶען „פַּאנִי סֶערְדְצֶע" אוּנ דֶערמִיט זֶענֶען זֵיי אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען, זֵיי זֶענֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעקוּמֶען מִיט אֵיין אוֹיסְרֵייד.

אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא מִיט אִיהר פַּאנִיטְשׁ יַאקָאב, וָואס הָאבֶּען דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין זַייעֶר לֶעבֶּען גֶעזֶעהן אַזוֹינֶע „סְמֶעשְׁנָא" יוּדֶען הָאבֶּען אַללֶע מָאל נָאךְ זַייעֶר אַוֶועקגֶעהן גֶעהַאט צוּ לַאכֶען אוֹיף אַ גַאנְצֶע טָאג אוּנ אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא הָאט דֶערנָאךְ גֶעזָאגְט אַז אִיצְטֶער זֶעהט זִי אַז דִי אַללֶע יוּדִישֶׁע סְצֶענְקֶעס וָואס זִי הָאט גֶעזֶעהן אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדט אִין טְהֶעאַטֶער אוּנ גֶעלֵייעֶנְט אִין דִי רוּסִישֶׁע בִּיכְלַאךְ וִוי „זְשִׁיד אוּוו בָּאטְיֶעקֶע" אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זֶענֶען טַאקִי אֱמֶת. —

אַ צְוֵויי יוּדֶען מִיט אַ צְוֵויי יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער הָאבֶּען זִיךְ טַאקִי בֶּאֱמֶת צוּגֶעשַׁארְט צוּם נַייעֶם פָּרִיץ אוּנ הָאבֶּען בַּיי אִיהם פַּארְדִיעֶנְט, דִי יוּדֶען מִיט דִי וַוייבֶּער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען: בָּ א בִּ י שׁ דֶער דַ א מְ סְ קֶ ע שְׁנַ יי דֶ ע ר, שַׁ כְ נָ א דֶער שׁ וּ סְ טֶ ע ר, מִ י רְ טְ שֶׁ ע דִי קוֹרָאלַאפְּנִיטְשְׁקֶע, אוּנ חַ יי טְ שֶׁ ע דִי אוֹיפְקוֹיפֶערִן.

דִי צְוֵויי יוּדֶען מִיט דִי צְוֵויי וַוייבֶּער הָאט אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא לִיעב בַּאקוּמֶען, וַוייל בָּ א בִּ י שׁ הָאט אִיהר גֶענֵייט אַ קְלֵייד נִיט עֶרְגֶער וִוי דֶער פַּארִיזֶער שְׁנַיידֶער, פוּן דֶער גְרוֹיסֶער רוּסִישֶׁער שְׁטָאדט פַאר אַ פִירְטֶעל גֶעלְד אוּנ נָאךְ גֶעדַאנְקְט, זִיךְ אַיינגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרַייעֶן אוּנ גֶעזָאגְט: „אַז פְרִיהֶער גָאטט אוּנ דֶערנָאךְ אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא הָאט בָּאבִישׁ מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער בְּרוֹיט גֶעגֶעבֶּען"; שַׁ כְ נָ א דֶער שׁוּסְטֶער הָאט אוֹיפְגֶענֵייט אַ פָּאר שִׁיךְ פַאר אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא אַז מֶען הָאט זֵיי גֶעמֶעגְט שְׁטֶעלֶען אוֹיף דֶער אוֹיסשְׁטֶעלוּנְג אוּנ פֶֿגֶענוּמֶען דִי הֶעלְפְט וֶועניגֶער פוּן דֶעם פַּארִיזֶער שׁוּסְטֶער אוּנ אוֹיךְ זִיךְ אַיינגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרַייעֶן פַאר דֶער „פַּאנִיע סֶערְדְצֶע" אוּנ גֶעבֶּעטֶען גָאטט פַאר אִיהר לֶעבֶּען וָוארוּם פְרִיהֶער גָאטט אוּנ דֶערנָאךְ דוּרְךְ אִיהר הָאבֶּען זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער גֶעהַאט בְּרוֹיט; מִ י רְ טְ שֶׁ ע פְלֶעגְט בְּרֶענְגֶען אִין שְׁטוּב אַרַיין דִי בֶּעסְטֶע פֶּעמְסְטֶע גֶעשְׁטָאפְּטֶע קַאפְּהִינֶער, גֶענְז, אִינְדִיטְשְׁקֶעס, פְרִישֶׁע אֵייעֶר א. ז. וו. פַאר אַ הַאלְב גֶעלְד וִוי אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדט; חַ יי קֶ ע פְלֶעגְט אוֹיסלוֹיפֶען דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדט קְלֵייטֶען קְרִיגֶען פַאר אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא אַזַא קָאלִירְצַייג וִוי אִיהר הָאט זִיךְ פַארְגְלוּסְט פַאר הַאלְב אוּמְזִיסְט וִוי אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדט. —

אָט דִי צְוֵויי יוּדֶען מִיט דִי צְוֵויי יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער זֶענֶען דִי „פַּאנִי סֶערְדְצֶעס" קְנֶעכְט, פָאלְקָאמֶענֶע פַארקוֹיפְטֶע קְנֶעכְט. דִי „פַּאנִי סֶערְדְצֶע" הָאט מִיט זֵיי גֶעפְּרֶעבֶּענְדֶעוֶועט וִוי אִיהר קַאפְּרִיז הָאט זִיךְ נוּר פַארְגְלוּסְט, לְמָשָׁל: וֶוען אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פְרִיה אוּנ דִי דִיעֶנְסְט הָאט גֶעבְּרַאכְט דִי קַאוֶוע מִיט דֶער גֶעבְּרִיהֶטֶער מִילְךְ אוּנ אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא הָאט עֶפִּים נִיט אַזוֹי גוּט גֶעשְׁמֶעקְט דִי מִילְךְ אָדֶער דִי קַאוֶוע, וֶוען בָּאבִישׁ פְלֶעגְט דֶענְסְטְמָאל בְּרֶענְגֶען דָאס קְלֵייד, שַׁבְנָא דִי שִׁיכְלֶעךְ, מִירְטְשֶׁע דִי הִינֶער,

חייטשע דעם צייג מיט נאך זאכען פון פארשיעדענע קלייטעג, פלעגט אלגא איוואנאוונא זיך צו שרייען אז דאס קלייד האט מען איהר פארדארבען, די שיך זענען ענג, די הינער זענען געפערטע, דאס צייג איז פארפוילט פון חמעלניצקעס צייטען און די צוויי יודען מיט די צוויי ווייבער פלעגען ווערען טוירט פון אללע טוידטע, מיט גרויס שרעק פלעגען זיי זיך איינבייגען אין צעהנטען, אמאל הונדערט זאגעז „פאני סערדצע" און שטיל ארויס־רוקען זיך פון דער טהיר מיט צורימענע הערצער און מיט דערשלאגענע קאפ. באביש האט זיך דעם גאנצען טאג געדארט דעם קאפ ווי אזוי זאל ער דא מאכען בעסער, שכנא ווי אזוי גרעסער, מירטשע ווי אזוי לעבעדיגער און חיימשע – ווי אזוי זאגט מען אויף אזא גאלדענער סחורה אז זי איז פון חמעלניצקעס צייטען. באביש מיט שכנא'ן האבען זיך ווייטער געזעצט ביים ווארקטעט, מירטשע איז ווייטער געלאפען איבערן מארק און חייטשע איבער די קלייטען זוכען דעם געקטיגען טאג. נור וואס זאל מען טוהן אז די „פאני סערדצע" וויל אזוי, וואס זאל טוהן דער יוד מיט דער פרנסה?..

יאקאב האט מעהר ווי די צוויי ידען מיט די צוויי ווייבער ניט געקענט, ער האט זיך כמעט שטענדיג געפונען נעבען דער מוטער און צוגעזעהן ווי די יודען מיט די ווייבער פיהרען זיך אויף, און האט זיך פארגעשטעלט אז אללע יודען מיט אללע יודישע ווייבער זענען אזוינע לאקאיעס מיט אזוינע „סמעשנא" ווי זיי.

אלגא איוואנאוונא איז גאר אנדערש געוועזען ווען די קאזע איז נור געוועזען גוט און מיט דער געבריהטער מילך האט זיך גאר נישט געטראפען און ווען אין דער צייט איינער פון די צוגעשאַרטע יודען אדער ווייבער זענען געקומען צו איהר האט זי ליעב געהאט זיי פארהאלטען, זי האט זיי אריינגעפיהרט אין זאאל, געבעטען זיצען און אויסגעפרעגט ווי אזוי זיי לעבען, ווי אזוי לעבען יודען גוט צו שלעכט, שאן אדער מיאום א. ז. וו.

מעהר פון אללע האט זי ליעב געהאט צו רעדען מיט באביש דעם דאמסקע שניידער און מיט חייטשע די אויפקויפערן, דערפאר וואס זיי האבען שטענדיג געוואוסט פון אלעם וואס טוהט זיך ביי יעדען אין שטאדט. באביש מיט חייטשען זיפלעגען מיט פארגניגען און מיט גרויס שטאלץ בלייבען זיצען ביי דער פריצטע. א קליינינגקייט! די פריצטע אליין בעט זיי, קליינע מענשען, צו זיך אין זאאל, זי בעט זיי זיצען אויף א פריציש בענקל און רעדט פון היימישע זאכען! הייסט דאס דען ניט אז מען איז א חשוב ביי דער פריצטע? און וואס דען קען נאך זיין פאר א גרעסער גליק ביי באבישען מיט חייטשען ווי זיין חשובים ביי פריצים? פון דעם חשיבות ביי פריצים האט זיך דער יוד פרנסה און קען נאך א מיליאנער ווערען, פון וואנען דען זענען אללע יודישע גבירים געווארן מיליאנערן אז ניט דערפון וואס זיי זענען געווארן חשובים ביי פריצים? אפילו ראטהשילד איז אויך געווארן דערפון אנגיד וואס ער איז געוועזען א חשוב ביי א פריץ און דער פריץ האט זיך אין איהם אזוי פארליעבט אז ער האט אבגעזאגט אויף איהם זיין גאנץ פארמעגען; באביש מיט חייטשען האבען וועהר געשעצט זייער חשיבות ביי דער פריצטע, זיי האבען דערמיט געשטאלצירט און צווישען זייערע באקאנטע האבען

זיי זיך באריהמט מיט זייער חשיבות ביים נייעם פריץ אין הויז: די פריצטע אליין געבעטען זיצען, דער פריץ אליין האט געשענקט א פאר אלטע שטיוועל וואס אין אויס־לאנד קאסטען זיי נייערהייט אפשר א פינף און צוואנציגער, די פריצטע אליין האט געהייסען דעם לאקיי דערלאנגען א גלאזיל טהעע, וואס קאסט אפשר א הונדערטער א פונט, באבישען מיט חייטשען א. ז. וו.

איין מאל האט אלנא איוואנאוונא אנגעהויבען ביי זיי פרעגען: ווי אזוי פיהרט מען זיך ביי זיי אין שול, ווי פיהרט מען זיך אום שבת, אום יום טוב?

מען האט בארדארפט זעהן ווי באביש מיט חייטשען, די אייביגע לאקייעס האבען זיך איצטער איבערגעביטען, ווי זיי האבען זיך גלייך אויסגעצויגען, און מיט וואס פאר א פייער זיי האבען געענטפערט ווען די פריצטע האט נור א רעד געטוהן פון זייער שול, פון זייערע שבתים און ימים טובים פון זייערע חדרים, פון דער יודישער רעליגיע.

– ביי אונז, האבען זיי געענטפערט מיט פייער, איז אלעס שאן, ביי אונז יודען איז שאנער ווי אומעטום.

– יא, נור דערצעהלט מיר ווי אזוי דאווענט מען ביי אייך אין שול? ווי אזוי פיהרט מען זיך דארט, ווי אזוי פארברענגט איהר אייערע שבתים, אייערע ימים טובים, ווי אזוי לערנט מען אייערע קינדער אין חדר?

– אין חדר, האט זיך באביש אנגערופען, אזא יאהר זאל איך האבען, מיין יונגעלע זאל מיר לעבען און געזונד זיין, און פאני סערדצע זאל מיר אויך לעבען און געזונד זיין, געהט אין חדר צו א מהייערן יודען א גרויסען למדן, ער איז א מאלנער חסיד און דער גרעסטער חשוב ביים רבין, עס איז מיר אפילו שווער צו צאהלען פופצען רובל א זמן, איך וואלט געקענט קריגען א וואלוועלערן מלמד, נור חאטש איך בין איין ארימער שניידער, די פאני סערדצע זאל מיר געזונד זיין, פון דעסט וועגען זשאלעווע איך ניט אז מיין קינד זאל לערנען ביי דעם מהייערן מלמד, און צאהל פופצעהן רובל א זמן. פאני סערדצע זאל מיר געזונד זיין, איהר זאלט הערען ווי מיין יונגעל לערנט גמרא אז עס איז א פארגעניגען, אמאל אום שבת וועל איך איהם אמאל ברענגען צו אייך, פאני סערדצע זאל מיר געזונד זיין.

– איהר ווילט א פנים האבען א זוהן א ר ב י ן.

– יא, פאר וואס ניט? איהר זאלט ניט קוקען וואס איך בין איצט א בידנע שניידער, פאני סערדצע זאל מיר געזונד זיין, מיין זיידע איז ניט געוועזען קיין שניידער, און מיין באבעס פאטער איז געוועזען דעם לעמערעוקער שוחט'ס איין איניקל,

– נא דעם שבת ווי אזוי פארברענגט איהר? א גאנצע וואך, ווייס איך, הארעוועט איהר.

– יא, פאני סערדצע, איך הארעווע, נאטש זאל נור אזוי פיעל העלפען, נור דאנערשטאג ווען איך באצאהל דעם רבין שכר לימוד א פינף גילדען שטיק און דאס ווייב א רובל אויף חלה קומט מען פון דעם דאווענען אום שבת, מען מאכט קידוש, מען

עסט אב און מען לעגט זיך שלאפען אויף א גאנצען שבת'דיגען טאג אז עס איז א פאר־גניגען, „פאני סערדצע איהר זאלט מיר געזונד זיין, און דערנאך אז מען עסט ווייטער אב און עס איז נאך ניט דא קיין שטערן גערט מען זיך אביסעל שפאצירען אין קלויז אדער אויף דער גאס און מען הערט פון די בעלי בתים נייעס, אז עס איז א פאר־גניגען. אך שבת איז טהייער, א פארגניגען! פאני סערדצע איהר זאלט מיר געזונד זיין.

ווי אזוי זשע איז ביי אייך אין שול, ווי אזוי דאוונט מען דארט, איז דאס א שאנע שול?

– חא חא וואס הייסט ווי אזוי, אין שול איז אויך א פארגניגען, דער חזן דאווינט, מען רופט אויף, מיך האט מען אויך אמאל אויפגערופען ששי, פאני סערדצע איהר זאלט מיר געזונד זיין (באביש האט געזאגט א גרויסען ליגען, ער איז זינט ער לעבט ניט געוועזען ששי, נור ווייל ער האט געוואלט זיך ווייזען פאר דער פריצטע אז ער איז ניט אזוי עפים א פראסטער שניידער, האט ער זיך אויסגעטראכט א ליגען. מיט וואס האפט זיך דען ניט ארויס א מענש אז ער וויל זיך בארימען, געפעלען און מעהר חשוב ווערען? חייטשע האט זיך אפילו באטראכט „אט א גארנישט אויך מיר ששי גע־וועזען" נור זי האט אבגעשוויגען, ווייל זי האט ניט געוואלט א יודען מבייש שטעלען פאר א גויה).

– ביי אייך געהען ווייבער מיט מאנסבילען אין איין שול? דאכט זיך ניין? האט די פריצטע געפרעגט ביי חייטשען.

– חס ושלום, לאז גאט אבהיטען, וואו איז דאס געהערט געווארן, פאני סערדצע, איהר זאלט מיר געזונד זיין?

און חייטשע האט זיך צוווארפען מיט ביידע הענד אין דער לופטען, אנגעהויבען אויסמאלען ווי ביי זיי איז אין שול וואו יודען און ווייבער דאוונען.

– עס איז דא א מאנסבילשע שול וואו דער חזן דאווינט, און אין דער לופטען איז דא א ווייבערשע שול מיט לאבער אין דער מאנסבילשער שול אריין און דורך די לאבער געהט דאס קול פון דעם חזן צו די ווייבער און מיר שפרינגען גלייך קדושה מיט די מאנסבילען, מיר ווייסען וואו מען האלט אין דאוונען גלייך מיט די מאנסבילען, מיר ווייסען ווען מען דאוונט אב און מען דארף געהן אהיים גלייך מיט די מאנסבילען. ווען מיין מאנן האט מיר געלעבט, פאני סערדצע איהר זאלט מיר געזונד זיין, און געהאט א קלייט און איך האב ביי איהם געהאט א גילדענע וועלט האט ער געהאט א שטאט אין שול.

אלגא איוואנאוונא האט זיך צולאכט.

– וואס הייסט א שטאדט אין שול? *)

---

*) די לעזער דארפען ניט פארגעסען אז דער גאנצער שמועס איז געגאנגען אויף האלב רוסיש, האלב פויליש, מיט איין ווארט מיט א'א שפראכע ווי חייטשע האט געקענט רעדען „פריצעש" און אז איהר מאנן האט געהאט א „שטאדט אין שול" האט זי אזוי געזאגט; ѲНЪ [illegible] городъ въ школѣ ראדום האט אלגא איוואנאוונא זיך צולאכט. –

– אַיין אָרְט אִין שׁוּל אוֹיף אַ בַּאנְק, אַ מִזְרָח שְׁטָאדט וואו מֶען זִיצְט אויבֶען אָן אוּנ אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעזֶעסֶען אִין מִזְרָח... וחַייטְשֶׁע הָאט זִיךְ דָא אוֹיךְ אַרוּסגֶעחַאפְּט מִיט אַ לִיגֶען, נִיט אִיהר מַאנן זאוּנ נִיט זִי הָאבֶען נִיט גֶעהַאט קֵיין מִזְרָח שְׁטָאדט, נוּר אַ שְׁטָאדט אִין שְׁפִּינְגֶעל וַואנְד, בְּאבִישׁ הָאט אֲפִילוּ אויסגֶעשְׁטֶעלְט דִי אוֹיגֶען אוּנ זִיךְ גֶע-טְרַאכְט: "אַזאַ פַּארְשִׁיוֶוע בּארִיהמְט זִיךְ אוֹיךְ אַז זִי מִיט אִיהר מַאנן זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין מִזְרָח-וַואנְד! הָאבּ אִיךְ גָאר גֶעקֶענְט אִיהר מַאנן דֶעם אָנזֶעצֶער, עֶס קוּמְט מִיר עַד הַיוֹם פַּאר אַרְבַּייט". נוּר וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט מְבַייֵשׁ שְׁטֶעלֶען אַ יוּדֶענְגֶע פַאר אַ גוֹיָה הָאט עֶר אָבְגֶעשְׁווִיגֶען).

– נָא אוּנ אִיצְטֶער?

– אִיצְטֶער זִינְט עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, בִּין אִיךְ אָרִים גֶעוָוארן, מַיין קְרוֹין אִיז בַּיר אַרָאבּ פוּן קָאפּ, הָאבּ אִיךְ פַּארקוֹיפְט דִי שְׁפּ... ווִיל אִיךְ זָאגֶען, דִי מִזְרָח-שְׁטָאדט, נוּר גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט אִיךְ הָאבּ מִיר הַיינְט דָארְט אוֹיף אַ שְׁטָאדט חָאטְשׁ עֶס אִיז אַ בִּיסֶעלֶע נֶעהֶנְטֶער צוּ דֶער טְהִיר, נוּר אַללֶע וַוייסֶען אַז אִיךְ בִּין אַמָאל גֶעזֶעסֶען אוֹיבֶען אָן.

אָלְגָא אִיוַואנָאוְונָא הָאט זִיךְ אַזוֹי פַארֶערדט פוּן דֶער פְּרִיבֶענְדִיוְקֶער יוּדִישֶׁער שׁוּל אוּנ זִיךְ אַזוֹי פַאר אִינְטֶערֶעסִירְט אַז אוּם נַייגִירְדֶע הָאט זִי בַּאקוּמֶען שְׁטַארְק חֵשֶׁק צוּ זַיין אַמָאל אַלֵיין אִין שׁוּל אוּנ אַלֵיין זֶעהן ווִי דָאס קוֹל פוּן דֶעם חַזָן גֶעהט דוּרְךְ דִי וואוּנְדֶערלִיבֶע לֶאבֶער צוּ דִי וַוייבֶער; מִסְתָּמָא דַארְף דָאס זַיין קִינְסְטְלִיךְ שֶׁאן, אִין דֶער הֵיים הָאט מֶען אוֹיךְ דֶערְצֶעהלְט אֲפִילוּ צְווִישֶׁען קְרִיסְטֶען אַז עֶס אִיז דָא שֶׁאנֶע יוּדִישֶׁע שׁוּלֶען.

אַז אָלְגָא אִיוַואנָאוְונָא הָאט גֶעזָאגְט בְּאבִישֶׁען מִיט חַייטְשֶׁען אַז זִי ווִיל גֶעהן אַמָאל אוּם שַׁבָּת אִין שׁוּל, זֶענֶען בֵּייְדֶע דֶערצִיטֶערְט גֶעוָוארן פַאר גְרוֹיס פְרֵייד וָואס דִי פְּרִיצְטֶע ווִיל אַלֵיין גֶעהן אִין דֶער יוּדִישֶׁער שׁוּל אוּנ דָאס אִיז אַלֶעס אַ דַאנְק זַיי - דֶער פְּרִיצְטֶעס חֲשׁוּבִים.

בַּיי בְּאבִישֶׁען הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען זַיין יוּדִישׁ וַוארֶעם בְּלוּט, עֶס הָאט זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען רִיהרֶען זַיין יוּדִישֶׁער שְׁטָאלְץ, עֶר הָאט זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען פָארשְׁטֶעלֶען: "ווִי דִי פְּרִיצְטֶע שְׁטֶעהט אִין שׁוּל אוּנ קוּקְט אוֹיף אַלֶעם, אַלֶעם גֶעפֶעלְט אִיהר, אַללֶע יוּדֶען, דֶער חַזָן, דָאס דַאוְונֶען, דִי שׁוּל; זִי וֶוערְט אַזוֹי פוּל מִיט פַארְגְנִיגֶען אַז זִי טְרַאכְט זִיךְ, אָט וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶע פָאלְק יוּדֶען זֶענֶען, דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אִיז טַאקִי דִי עֶלְטְסְטֶע אֱמוּנָה, אוּנ זִי דִי פְּרִיצְטֶע וֶועט זִיךְ אָנהוֹיבֶּען דֶער אַנֶ:ן פוּן זַייעֶרֶע בִּיכֶער, זִי אִיז דָאךְ אַ גֶעלֶערנְטֶע אוּנ אִין זַייעֶרֶע גוֹיִשֶׁע בִּיכֶער זֶענֶען גִ:יר יוּדֶען אוֹיךְ דֶערמַאנְט וָואס פַאר אַ גְרוֹיס פָאלְק יוּדֶען זֶענֶען אַמָאל גֶעוֶועזֶען: זַיי הָאבּ:ן גֶע:אט אַיין אַייגֶען לַאנְד מִיט גֶארְטְנֶער אוּנ וַויינְשְׁטָאקֶען, זַיי הָאבֶען גֶעהַאט אַיין אַייגֶ: עֶס :לֶךְ וָואס הָאט גֶעפִיהרְט דִי גְרֶעסְטֶע מִלְחָמוֹת מִיט דִי גְרֶעסְטֶע מְלָכִים אוּנ זַיי אַללֶע אַיינְגֶענוּמֶען אוּנ וֶוען זַיי זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען, הָאבֶען זַיי גֶעטוּהן וַוייזֶען דֶעם נַאקֶען אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶען פַארנוּמֶען דֶעם זַאקְרוֹיב פוּן דִי וָואס הָאבֶען אָנגֶעהוֹיבֶּען פֶעלְשֶׁען אִין דֶעם יוּדִישֶׁען גָאטט אוּנ גֶעוָואללְט אַיינְנֶעמֶען

זַיין אוים גֶעקְלִיבֶּען פָאלְק . . . אוּנ דִי פְּרִיצְטֶע וֶועט שְׁטֶעהְן אִין דֶער יוּדִישֶׁער שׁוּל אוּנ וֶועט זִיךְ טְרַאכְטֶען . . . אוּנ עֶר , בָּאבִּיש , וֶועט זִיךְ אוֹיךְ אַרוּמדְרֶעהֶען אִין שׁוּל מִיט דֶעם טַלִית אוֹיף דֶעם אַקְסֶעל אוּנ מִיט דֶער יַארְמִילְקֶע , עֶר וֶועט זִיךְ אַרַיינְגְנבִינֶען צְווִישֶׁען שְׁפִּיגֶעל אִין מִזְרָח וַואנְד אוּנ וֶועט זִיךְ דָארְט שְׁטֶעהְן , כְּדֵי עֶר זָאל נִיט מְבוּיָשׁ וֶוערֶען פַאר דֶער פְּרִיצְטֶע , זִי זָאל מֵיינֶען אַז בָּאבִּיש הָאט דָא אַ גַאנְצֶע דֵעָה ; וֶוען מֶען וֶועט לֵייעֶנֶען וֶועט עֶר זִיךְ אַרוּמדְרֶעהֶען אַרוּם דֶער בִּימָה זִי זָאל מֵיינֶען אַז מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ אוֹיפְגֶערוּפֶען צוּ דֶער תּוֹרָה , זִי זָאל זֶעהְן אַז בָּאבִּיש אִיז נִיט עֶפִּים אַזוֹי אַ פְּרָאסְטֶער יוּד . דִי פַּאנִי סֶערְדְצֶע , וֶועט אַזוֹי שְׁטֶעהְן אוּנ קוּקֶען אוּנ עֶר בָּאבִּיש וֶועט אַזוֹי שְׁטֶעהְן אוֹיף דֶער בִּימָה אוּנ וֶועט זִיךְ טְרַאכְטֶען : קוּק קוּק , זֶעה , דוּ טָאכְטֶער פוּן גְרוֹיסֶע פֶּאלֶקֶער פוּן דִי וַוייטֶע לֶענְדֶער , זֶעה ווִי דָאס קְלֵיינֶע פָאלְק יוּדֶען זֶענֶען אַזוֹי שֶׁאן , ווִי אַלֶעס אִיז בַּיי זַיי אַזוֹי טְהַייעֶר שֶׁאן וָואס צְווִישֶׁען אַלֶע פֶּעלֶקֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אִיז נִיט אַזוֹי , זֶעה , קוּק דוּ טָאכְטֶער פוּן דִי אוּמוֹת הָעוֹלָם , מַאךְ הֶארֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט , לָאזֶען ווִיסֶען דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל ווִי זַיי הָאבֶּען אוּמזִיסְט פַּיינְד אוּנזֶער טְהַייעֶר פָּאלְק וָואס גָאטט הָאט אוֹיסגֶעקְלִיבֶּען פוּן אַלֶע פֶּאלֶקֶער , קֵיין שׁוּם פָאלְק הָאט נִיט גֶעוָואלְט צוּנֶעמֶען זַיין טְהַייעֶר תּוֹרָה׳לֶע , נוּר דָאס יוּדִישֶׁע קְלֵיינֶע פָאלְק וָואס אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ דִי שָׁאף וָואס פַּאשֶׁען זִיךְ אִין דִי מִדְבָּרִיוֹת , הָאט גָאטט גֶעטוּהְן דֶערקֶענֶען אוּנ זַיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט , גִיב אוּנְז דַיין טְהַייעֶר תּוֹרָה׳לֶע אוּנ וָואס דוּ וֶועסְט הֵייסֶען וֶועלֶען מִיר טוּהְן אוּנ הֶארֶען ; לָאזֶען דִי שׂוֹנְאִים זֶעהְן אַז גָאר אוּמזִיסְט הָאט מֶען יוּדֶען גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען , אוּמזִיסְט ווִיל מֶען זַיי נִיט אָבְּגֶעבֶּען זַייעֶר לַאנְד אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ נוּר אוּמזִיסְט רֶעדֶען דִי גַאזֶעטֶען שְׁלֶעכְטְס אוֹיף יוּדֶען אוּנ נוּר אוּמזִיסְט טָאר אַ יוּד נִיט וָואהְנֶען אוּמֶעטוּם אוּנ נוּר אוּמזִיסְט מַאכְט מֶען אִיהם אַזוֹי שְׁוֶוער דִי פַּרְנָסָה" ;

נָאטט וַוייסְט וואוּ בָּאבִּיש וָואלְט פַארקְרָאכֶען מִיט זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת אִיבֶּער זַיין גְרוֹיסְקַייט וָואס עֶר אִיז אַ יוּד אוּנ וָואס דִי טְהַייעֶרֶע שׁוּל אוֹיף וֶועלְכֶער דִי פְּרִיצְטֶע קוּקְט אִיז בָּאבִּיש׳עס , אוּנ בָּאבִּיש אִיז דֶער שׁוּל׳ס , וֶוער וַוייסְט וואוּ עֶר וָואלְט פַארקְרָאכֶען , וֶוען פְּלוּצִים דִי פַּאנִי זָאל נִיט גֶעוֶועזֶען זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ חַייטְשֶׁען אוּנ זָאגֶען :

– אוּנ אַזוֹי , חַייטְשֶׁע , וֶועט אִיהר הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת קוּמֶען גַאנְץ פְּרִיה וֶועט אִיהר מִיךְ מִיטנֶעמֶען אִין שׁוּל .

בָּאבִּיש אִיז בְּלַאס גֶעוָוארְן פוּן גְרוֹיס פַארדְרָאס : סְטַייטְשׁ , דִי גַאנְצֶע גְדוּלָה וֶועט גָאר הָאבֶּען חַייטְשֶׁע נִיט עֶר , זִי וֶועט גֶעהְן מִיט דֶער פְּרִיצְטֶע , דִי פְּרִיצְטֶע וֶועט זַיין בַּיי אִיהר אִין דֶער וַוייבֶּערשֶׁער שׁוּל , ווִי אַזוֹי זְשֶׁע וֶועט עֶר גָאר ווִיסֶען וֶוען דִי פְּרִיצְטֶע וֶועט קוּקֶען , טָאמֶער וֶועט זִי זִיךְ דָארְט גָאר פַארְרֶעדֶען מִיט דִי וַוייבֶּער , אַלֶע וֶועלֶען גָאר זֶעהְן ווִי חַייטְשֶׁע אִיז דִי חֲשׁוּבָה , ווִי עֶס אִיז חַייטְשֶׁעס פְּרִיצְטֶע , נִיט זַיינֶע , פּוּנְקְט ווִי עֶר אִיז גָאר נִיט בַּיי אִיהר קֵיין חָשׁוּב ! –

בָּאבִּיש אִיז פְּלוּצִים בַּיי זִיךְ אַרָאבגֶעפַאלֶען ווִי פוּן הִימֶעל אוֹיף דֶער עֶרְד ; נוּר גָאטט פַארלָאזְט נִיט קֵיין גֶעפַאלֶענֶע אוּנ הָאט אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אַ גֶעדַאנְקֶען זִי זָאל מִיטנֶעמֶען אִיהר יַאקָאבּ׳עֶן אוֹיךְ אִין שׁוּל .

– אִין דֶער וַייבֶּערְשֶׁער שׁוּל לָאזְט מֶען נִיט אַרַיין קַיין מַאנְסְבִּילֶען , הָאט חַייטְשֶׁע גֶעעֶנְטְפֶערְט .

– עֶר אִיז דָאךְ נָאךְ אַ קִינְד .

– בַּיי אַיךְ פְּרִיצִים אִיהר זָאלְט מִיר גֶעזוּנְד זַיין , הַייסְט אַזַא קִינְד וִוי יַאקָאב נָאךְ אַ קִינְד אוּנ בַּיי אוּנְז יוּדֶען הַייסְט שׁוֹין אַזַא קִינְד אַ יוּד וָואס דַארְף בַּאלְד אָנְהוֹיבֶּען לֶעגֶען תְּפִלִין , עֶר דַארְף שׁוֹין גֶעהְן אִין שׁוּל אַרַיין דַאוְונֶען , עֶר דַארְף שׁוֹין וִויסֶען פוּן יוּדִישְׁקַייט . –

– פַּאנִיטְשׁ יַאקָאב וֶועט גֶעהְן מִיט מִיר אִין דֶער מַאנְסְבִּילְשֶׁער שׁוּל , הָאט זִיךְ בָּאבִּיש אָנְגֶעכַאפְּט מִיט פְרֵייד .

יַאקָאב הָאט זִיךְ אוֹיךְ דֶערפְרֵייט וָואס עֶר וֶועט שַׁבָּת גֶעהְן אִין אַ יוּדִישֶׁער שׁוּל אוּנ הָאט עֶרְוַוארְטֶעט דֶעם טָאג וִוי עֶפִּים אַ יוֹם טוֹב פַאר אִיהם . –

בָּאבִּיש אִיז צוּרִיק אַרוּיף פוּן דֶער עֶרְד אוֹיף דֶעם הִימֶעל בַּיי דֶעם גֶעדַאנְקֶען אַז עֶר וֶועט שַׁבָּת גֶעהְן מִיט דֶעם פַּאנִיטְשׁ דַאוְונֶען אוּנ אַללֶע יוּדֶען וֶועלֶען אִיהם מְקַנֵא זַיין וָואס עֶר אִיז אַזַא חָשׁוּב בַּיים פָּרִיץ וָואס עֶר גֶעהְט מִיט דֶער פְּרִיצֶעס קִינְד וִוי מִיט זַיינֶעם , אַללֶע וֶועלֶען זָאגֶען אוֹיף בָּאבִּישֶ'ען : „אַז גָאט וִויל הֶעלְפֶען , הֶעלְפְט עֶר אֲפִילוּ בָּאבִּיש דֶעם דַאנִיסְקִי שְׁנַיידֶער אוֹיךְ" .

* *

*

דִי פְּרִיבֶּעְנְדְרִיזְקֶער שׁוּל ! . . . דֶער חַזָן גָארְגֶעלְט זִיךְ , עֶר וַוארְפְט זִיךְ אוֹיף אַללֶע זַייטֶען מִיט דֶעם שַׁבָּת'דִיגֶען נִגוּן , אַלְטֶע יוּדֶען זִיצֶען אוֹיף זַייעֶרֶע אָרְטֶער מִיט דִי טַלֵיתִים , אֵיינֶער שְׁרַייעט אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערְן , מִיטֶעלֶע יוּדֶען אוּנ יוּנְגֶע לַייט לוֹיפֶען אַרוּם אִיבֶּער דֶער שׁוּל אַהֶער אוּנ אַהִין , מֶען פַארְטְשֶׁעפֶּעט זִיךְ אַללֶע מָאל מִיט דִי טַלֵיתִים אִין דִי בֶּענְק , אִין דִי שְׁטֶענְדֶערְס , אוּנ פְלִיהֶען אוּנ פַארְטְשֶׁעפֶּען זִיךְ אַיינְס אִין דֶעם אַנְדֶערְן , מֶען דַאוֶוענְט , מֶען זִינְגְט נָאךְ דֶעם חַזָן יֶעדֶער אוֹיף זַיין קוֹל , קְלֵיינֶע יוּנְגְלֶעךְ מִיט לַאנְגֶע פֵּאוֹת שְׁנָארֶען אַרוּם אוּנְטֶער דִי פִּיס , צְווִישֶׁען דִי בֶּענְק , זַיי שְׁפַּאצִירֶען אוֹיךְ אַרוּם אוּנ שְׁרַייעֶן דָאס דַאוְונֶען ; פְּלוּצִים אַ נַייעֶס אִין שׁוּל ! אַללֶע קוּקֶען זִיךְ אַרוּם : בָּאבִּיש דֶער שְׁנַיידֶער אִיז פַּארַאפֶּעט וִוי פַּארסַם'ט אַרַיין אִין שׁוּל מִיט אַ אוֹיסגֶעפוּצְט פַּאנִיטשֶׁ'על , מִיט אַ פַּארְקֶעמְט שֵׁיינִיצֶ'על , וָואס אִיז דָאס ? וָואס קֶען דָאס זַיין ? בָּאבִּיש גֶעהְט פְרִיהֶער גְלַייךְ צוּ דֶער מִזְרָח וַואנְד , דָאס שֵׁייגִיצֶ'על נָאךְ , יוּנְגֶע לַייט אוּנ אַללֶע יוּנְגְלֶעךְ לוֹיפֶען נָאךְ אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן .

בָּאבִּיש גֶעהְט צוּ צוּם גַבַּאי אוּנ זָאגְט אִיהם אִין אוֹיעֶר אַז דָאס אִיז דֶעם נַייעֶם רַייבֶּען פְּרִיצ'ם אַ פַּאנִיטשֶׁ'על אוּנ עֶר ווִיל זֶעהְן אַ שׁוּל , זָאל עֶר עֶרְלוֹיבֶּען אִיהם אַנִידֶער־שְׁטֶעלֶען אוֹיף דֶער מִזְרָח בַּאנְק , דֶער גַבַּאי הָאט גֶענוּמֶען דָאס פַּאנִיטשֶׁ'על אוּנ אִיהם אַנִידֶערגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער מִזְרָח בַּאנְק , כִּמְעַט אַקֶעגֶען חַזָן , בָּאבִּיש קֶען זִיךְ קַיין אָרְט נִיט גֶעפִינֶען , עֶר דְרֶעהְט זִיךְ אַרוּם אִיבֶּער דֶער שׁוּל אוּנ עֶס וַוייזְט זִיךְ אִיהם אוֹיס , אַז אַללֶע קוּקֶען אוֹיף אִיהם , אַללֶע רֶעדֶען פוּן אִיהם אַללֶע וואוּנְדֶערְן זִיךְ אוּנ זָאגֶען : „נָא?

װעֶר הָאט זיך גְעריבְט אויף בָאבּישׁ'ען עֶר זָאל זַיין מִיט דֶעם פְּרִיץ אַזַא קְנָאפּל״.

אַרוּם יַאקָאבּ'ן הָאבֶּען זיך דֶערוַוייל אַרוּמגְעשְׁטֶעלְט אַללֶע יוּנְגְלֶעך פוּן דֶער שׁוּל־בּיט אויסגְעשְׁטְשִׁירֶעטֶע צֶאהן אוּנ גְעקוּקְט אויף דֶעם פַּאנִיטְשׁ, אֵיינִיגֶע הָאבֶּען אויסגֶע־שָׁאסֶען אַ שְׁטִיל גֶעלֶעכְטֶערל, אֵיינִיגֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעקְרִיטִיקִירְט.

– דֶער פַּאנִיטְשׁ אִיז אַ גוֹי.

– וָואס זָשֶׁע טוּהט עֶר דָא ?

– עֶר וִויל זֶעהן וִוי מִיר דַאוְונֶען.

– אוּנ אֶפְשַׁר וִויל עֶר זִיך מְגַייר זַיין, א. ז. וו.

אַ טְהַייל הָאבֶּען זִיךְ צוּגְעשַׁארְט צוּ אִיהם גָאר נָאהנְט אוּנ אָנגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמ־קוּקֶען אוּנ אַרוּמטַאפֶּען דֶעם פַּאנִיטְשׁ'ס קְנֶאפְּלֶעך. דִי לַאקִירְטֶע שְׁטִיוֶועלַאך, אַלֶעס אָבּ־גֶעשַׁאצְט אויף עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד רוּבּל

אוּנ יַאקָאבּ אִיז גֶעבּיך גֶעשְׁטַאנֶען וַוי אַ דֶערהַרְגִיטֶער וִוי אַ דֶערשְׁלָאגֶענֶער אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט וואו דִי אוֹיגֶען אַהִין צוּ טוּהן; עֶנְדְלִיך הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אֵיין אָרְט אויף זַיי, אוּנ הָאט זַיי אָבגֶעשְׁטֶעלְט אויף דֶעם חַזָן אוּנ גֶעזֶעהן וִוי עֶר דְרֶעהט דֶעם פִּסְק אוּנ וַוארְפְט זִיךְ אוּנ גָארְגֶעלְט זִיךְ, אוּנ שְׁטֶעקְט דִי פִינְגֶער אִין גָארְגֶעל אוּנ גְרִילְצְט אַז עֶס לֶאבֶּערְט דֶעם מוֹחַ.

בַּיי אִיהם אִיז דָאס אויסגֶעקוּמֶען אַזוֹי וִוילְד, אַזוֹי „סְמֶעשְׁנָא״ אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט עֶנְטְוֶועדֶער אַנְטְלוֹיפֶען אָדֶער זִיךְ צוּלַאכֶען. דִי יוּנְגְלֶעך הָאבֶּען אִיהם אָנגֶעהוֹיבֶּען טוּהן צוּם טוֹידט, וֶוען זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז דֶער פַּאנִיטְשׁ לָאזְט זִיךְ, זֶענֶען אַללֶע צוּ אִיהם גָאר גֶאהנְט צוּגֶעטְרֶעטֶען, יֶעדֶער הָאט גֶעוָואלְט אַ מָאל טוּהן דִי שְׁטִיוֶועלַאךְ, אַ שְׁלֶעפּ טוּהן דָאס קְנָאפּל; פְּשׁוּט זַיי הָאבֶּען אִיהם שִׁיעוּר פַּארמוּטְשֶׁעט, דֶערצוּ דָאס גְרִילְצֶען פוּן דֶעם חַזָן, דָאס אִיבֶּערְשְׁרַייעֶן אֵיינֶער דֶעם אַנֶדערן מִיט דֶעם נִיגוּן פוּן דַאוְונֶען, דָאס אַרוּמלוֹיפֶען, דָאס שְׁרַייעֶן, דָאס גֶעפִילְדֶער, אַלֶעס צוּזַאמֶען הָאט אויף אִיהם אַזוֹי גֶע־ווירְקְט אַז עֶר הָאט גָאר אויסגֶעשְׁאסֶען אַ גְרוֹיס גֶעוַויין, אַללֶע יוּנְגְלֶעך הָאבֶּען זִיךְ צוּ־לַאכְט בָּאבִּישׁ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפֶען וִוי אַ פַּארסַם'טֶער, עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ שְׁטַארְקֶער צוּוַויינְט אויף גוֹישׁ אַז עֶר וִויל אַהֵיים, בָּאבִּישׁ הָאט אִיהם אַרוֹיסגֶעטְרָאגֶען כִּמְעַט אויף דִי הֶאנְד, דִי יוּנְגְלֶעךְ זֶענֶען נָאכגֶעלָאפֶען מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער אוּנ מִיט אַ הוּרַא! פוּן יֶענֶער זַייט שׁוּל כִּמְעַט 'גֶעבֶּען דֶער טְהִיר, אִיז צוּגֶעלָאפֶען צוּ בָּאבִּישׁ'ען אָלְגַא אִיוַאנָאוְונַא הַאלְב טוֹידט, נָאךְ אִיהר הַייטְשֶׁע מִיט דֶער שַׁבָּת'דִיגֶער יוּפֶּע נָאךְ מֶעהר טוֹידט וִוי לֶעבֶּעדִיג.

– אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט זַיין קוֹל וִוי עֶר וַויינְט, וָואס אִיז דָא גֶעשֶׁעהן אַזוֹינְס שְׁרֶעק־לִיכֶעס וָואס עֶר גֶעפִינְט זִיךְ בַּיי אַייךְ אויף דִי הֶאנְד? הָאט זִי נִיט אויפגֶעהֶערְט פִּילְדֶערן אויף גוֹישׁ, אוּנ מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק וָואס אִיז דוּרְכגֶעפָאהרֶען הָאט זִי זִיךְ אויפגֶעזֶעצְט אוּנ יַאקָאבּ'ן אַיינגֶעוִויקֶעלְט אִין אִיהר שַׁאל הַאלְטֶענְדִיג אִיהם בַּיי זִיךְ אויף דִיא הֶאנְד. –

דֶער אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק אִיז מִיט זַיי אַוֶועקגֶעפָאהרֶען אוּנ דִי יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען וַוייט,

וַוייט בַּאנְלַייט דִי מוּטֶער מִיט דֶעם זוּהן מִיט אַ גְרוֹיסֶען „הוּרַרַא" ! אַלְלֶע וָואס וֶוענֶען אַרוֹיסגֶעלָאפֶען פוּן שׁוּל אוֹיף דֶעם גֶעפִּילְדֶער , הָאבֶּען פוּן דֶערוַוייטֶענְס צוּגֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּנ גֶעלַאכְט . —

*

* *

וֶוען בֶּארִים לֶעאָנְטָאוִויטְשׁ אִיז גֶעקוּמֶען צוּם מִיטָאג הָאט אִיהם אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא בַּאגֶעגֶענְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער .

— דוּ וַוייסְט , מַיין טְהַייעֶרֶער , אִיךְ בִּין הַיינְט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער יוּדִישֶׁער שׁוּל . —

— בִּיזְט דוּ זִיךְ גָאר אַ פְרוּמֶע יוּדֶענֶע גֶעוָוארן , אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט אַז דוּ בִּיזְט אַזוֹי פְרוּם .

— אוּנ יַאקָאב אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען .

— אוּנ יַאקָאב אוֹיךְ , אָט וָואס פַאר אַ צַדִיק עֶר וֶועט בַּיי מִיר אוֹיסוַואקְסֶען , אַ נָא מְהַייעֶרֶער יַאקָאב , קוּם אַהֶער וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען אַ קוּשׁ דֶערפַאר אוּנ דֶערצֶעהל מִיר וִוי אַזוֹי גֶעפֶעלְט דִיר דִי שׁוּל , וֶועל אִיךְ דִיר עֶפּיס שֶׁענְקֶען

יַאקָאבּ אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען , זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים פָאטֶער אוֹיף דִי הֶענְד אִיהם אַרוּמגֶענוּמֶען אוּנ גֶעקוּשְׁט .

— אִיךְ וֶועל שׁוין , פַּאפַּא , מֶעהר נִיט גֶעהן אִין אָט דֶער דָאזִיגֶער זְשִׁידָאוְוסְקֶע שׁוּל

— מֶען טָאר נִיט מַיין קִינְד אַזוֹי זָאגֶען אוֹיף אַ שׁוּל , אִין אַ שׁוּל דַאוֶוענְט מֶען אוּנ מֶען בֶּעט גָאטט טַאטֶע מַאמֶע : זָאלֶען זַיין גֶעזוּנְד . דֶערצֶעהל מִיר בֶּעסֶער וִוי גֶעפֶעלְט דִיר דִי שׁוּל , אַ יָא דוּ הָאסְט קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהן אַזוֹי שֶׁאן וִוי דָארְט , וִוי מֶען זִינְגְט וִוי מֶען דַאוֶוענְט , אַ יָא אִין דֶער הֵיים הָאסְט דוּ אַזוֹינְס נִיט גֶעזֶעהן ?

— פַּאפַּא ! אִין דֶערהֵיים הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אַזוֹינְס גֶעזֶעהן , גֶעדֶענְקְסְט , מַאמֶע , וֶוען פַאר „רָאזְשְׁדֶעסְטְוָוא" בִּיזְט דוּ מִיט מִיר גֶעפָאהרֶען אִין ד' קְלַייטֶען וֶוענֶען מִיר דוּרְכְגֶעפָאהרֶען דוּרךְ דֶעם פְּלַאץ „אָבְּוָשָׁארְנֶע רְיַאר" דָארְט אִיז אוֹיךְ אַזוֹי , מֶען שְׁרַייעט , מֶען שְׁלָאגְט זִיךְ , מֶען לַאכְט , מֶען שְׁרַייעט „הוּרַרַא" .

בֶּארִים הָאט אַ קוּק גֶעטוּהן אוֹיף דֶער מוּטֶער , אִיז שְׁטַארְק בֵּייז גֶעוָוארן אוּנ הָאט יַאקָאבּ'ן אַנִידֶערגֶעשְׁטֶעלְט אִין וִוינְקֶעל „בֶּעזְסְרָאטְשְׁנָא" ד. ה. בִּיז דֶער טַאטֶע וֶועט וֶועלֶען . —

בֶּארִים אִיז אָהן וֶוארְטֶער אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען אִין אַיין אַנְדֶער צִימֶער , אָלְגַא אִיוַאנָאוְונַא אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען .

— נָא , מְשׁוּגֶענֶער , פַארוָואס הָאסְט דוּ אִיהם בַּאשְׁטְרָאפְט ?

— דוּ רֶעד נִיט מִיט מִיר הַיינְט וֶועסְט דוּ גְלַייכֶער מַאכֶען .

— נָא וָואס ווִילְסְט דוּ ? וֶוער הָאט דִיר עֶרְגֶעץ אָנְגֶעוַאלְצֶען , וָואס דוּ בִּיזְט גֶעקוּמֶען אַהֵיים אוֹיסלָאזֶען דַיין כַּעַס אוֹיף דִי קִינְדֶער , אוּנ ווִיל נָאךְ נִיט עֶנְטְוֶוערן אַז מֶען פְרֶעגְט אִיהם .

— דִי קִינְדֶער ! . . . הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט כַּעַס , דוּ פַארדַארְבְּסְט וִוי אַלֵיין

װער האָט דיך געבעטען דו זאָלסט איהם מיטנעמען אין שול אַריין, עס איז קאַרג װאָס ער איז אַ יוד אונ קען קיין „אַלף בית" ניט, דאַרף ער נאָך פֿיינד האָבען יודען אויך!..

– װאָס זשע בין איך שולדיג, דאַכט זיך דו האָסט אַליין אַמאָל געזאָגט אַז דו װאָלסט געװאָלט יאַקאָב'ן האָטש אויסלערנען דאַװנען אַז ער זאָל האָטש שבת קענען געהן דאַװנען

– מאַלע װאָס איך האָב געזאָגט! מאַלע װאָס איך װאָלט געװאָלט! נור װער האָט דיך געבעטען, פֿרעג איך דיך, אַז דו װייסט ניט...

– איך האָב ניט געװאוסט אַז די שול זאָל אויף איהם מאַכען אַזא שלעכטען איינדרוק... װאָס זשע איז ער שולדיי? פֿאַר װאָס קומט איהם צו שטראָפֿען? איך בין עלטער פֿון איהם האָב איך אויך אַרויסגעטראָגען אַזא מיינונג װעגען דער יודישער שול אַז די יודען פֿיהרען זיך דאָרטען אויף ניט בעסער װי בײַ אונז אין דערהיים די געװיסע לייט אין „אָבזשאָרנע ראַאד", מעגסט שוין זיין פֿאַרזיכערט אַז עס איז דאָס לעצטע מאָל.

–קענגט איהר האָבען אַ בעסער מיינונג פֿון יודען אַז איהר זעהט נור די שלעכטע זייטע פֿון זיי, דאָס איז דאָס אומגליק מיט די אַללע װאָס האָבען פֿיינד יודען; זיי קומט אויס שטענדיג צו זעהן די שלעכטע זייטע פֿון דעם יודישען לעבען, דער װאָס זעהט ניט אונ קען ניט די גוטע זייטע פֿון יודען דאַרף ניט זעהן די שלעכטע אויך. דו, אונ נאָך מעהר יאַקאָב װאָלטען ניט באַדאַרפֿט געהן אין שול. –

– מיין טהייערער באָריס, אַז דו האָסט אַזוי ליעב יודען, װאָס זשע װייכסט דו זיי שטענדיג אויס, דו באַגעגענסט זיך קיין מאָל ניט מיט זיי, דו קומסט ניט אין זייער שול, דו װילסט זיך אַפֿילו ניט לאָזען דערקענען אַז דו ביזט אַ יוד?..

באָריס איז רויט געװאָרן װי פֿייער, זיין פּנים האָט געהאַט אַלערליי קאָלירען אונ האָט אויסגעשריען מיט דעם גאַנצען כּח, װי גיט מיט זיין קול:

– פֿרעג מיך ניט!... פֿרעג מיך ניט פֿאַר װאָס!.. דאָס איז מיין נאָך!.. װאָרום דו האָסט ניט געליטען אַ גאַנצע יוגענד, דיינע בעסטע יאָהרען, פֿאַר יודען! דו האָסט ניט געליטען װי איך. װעסט דו מיך ניט פֿארשטעהן װען איך זאָל דיר אַפֿילו ענטװערן, אונ װאָס ביזט דו פּלוצים געקומען צו מיר מיט אַזוינע פֿראַגען, פֿרעג מיך מעהר ניט אַזוינע זאַכען! האָט ער אַלץ געשריען אַריינלויפֿענדיג צו זיך אין קאַבינעט, דאָרט איז ער געפֿאַלען אויף דעם דיװאַן, כּמעט אָהן כּוחות...

– װעמען זאָל מען באַשולדיגען אין דעם װאָס איך בין אַ זא יוד, װאָס איך בין װי מען זאָגט „ניט קיין יוד אונ ניט קיין גוי"? באַשולדיגען זיך, צו טאַקי די יודען אַליין? בין איך דען אַ שלעכטער יוד? האָב איך דען ניט ליעב יודען אונ דאָס יודענטהום מיט מיין גאַנץ האַרץ? זיך אַליין װעל איך דאָך ניט אָבנאַרען – מיין האַרץ פֿיהלט יודיש! איז דאָך טאַקי אַ פֿראַגע פֿאַר װאָס אַנטלויף איך פֿון יודען, פֿאַרװאָס װיל איך זיך מיט זיי ניט קענען? האָבען זיי מיך דען אַליין ניט געבראַכט דערצו! איך בין גע-

בווירֶען בַּיי יִדִישְׁע פְרַייֶע עֶלְטֶערן , אִיךְ הָאבּ לִיעבּ גֶעהַאט יוּדִישֶׁע קִינְדֶער , אִיךְ הָאבּ לִיעבּ גֶעהַאט דִ יוּדִישֶׁע שַׁבָּתִים , יָמִים טוֹבִים , אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען בִּכְלַל , נוּר אַז אִיךְ בִּין אוּנְטֶערגְ־וַואקְסֶען , עֶלְטֶער גֶעוָוארן , הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען דֶערזֶעהן פִיעל הֶסְרוֹנוֹת בַּיי יוּדֶען , אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט זַיין בֶּעסֶער פוּן זֵיי , אַ בֶּעסֶערֶער מֶענְשׁ , אַ בֶּעסֶערֶער יוּד , וָואס זְשֶׁע קוּמְט מִיר דֶערפַאר ? נוּר דִי יוּדֶען אַלֵיין , הָאבֶּען מִיךְ פוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטוּיסֶען , אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין גָאר קֵיין יוּד נִיט , אַנְדֶערֶע־אַז אִיךְ בִּין אֵיין אֶפִּיקוֹרוֹס א. ד. ג. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט בְּלַייבֶּען וִוי זֵיי , אוּנ וִוי אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט , הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעלָאזְט , הָאבּ אִיךְ גֶעמוּזְט פוּן זֵיי אַוֶועק – אַזוֹי פִיעל יָאהרֶען הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעבְּט גָאר אִין אֵיין אַנְדֶער וֶועלְט מִיט אַנְדֶערֶע מִנְהָגִים . אִיצְט מוּז אִיךְ וָואהנֶען דָא צְווִישֶׁען יוּדֶען אִיבֶּער מַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען , דָא אִיז ווִידֶער בַּיי דִי הִיגֶע יוּדֶען אַ בַּאזוּנְדֶער וֶועלְט מִיט זֵייעֶרֶע אַלְטֶע מִנְהָגִים , דִי אֵייגֶענֶע מִנְהָגִים וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ קִינְדוַויים נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערטְרָאגֶען וִוי אַזוֹי זְשֶׁע קֶען אִיךְ אִיצְטֶער , וֶוען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעלֶעבְּט אַזוֹי פִיעל יָאהרֶען , אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אַרְט לֶעבֶּען ? אִיךְ וָואלְט זִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט דֶערוַוייטֶערְט פוּן זֵיי , נוּר פַארקֶעהרְט מִיט פַארגְנִיגֶען וָואלְט אִיךְ גֶעלֶעבְּט צוּזַאמֶען מִיט יוּדֶען , יוּדִישׁ וִוי אַמֶענְשׁ , נִיט ווִילְד וִוי זֵיי לֶעבֶּען , אוּנ וָואלְט גָאר מִיט זֵיי קֵיין מִלְחָמוֹת נִיט גֶעפִיהרְט , לָאזֶען זֵיי זִיךְ לֶעבֶּען וִוי זֵיי ווִילֶען , וִוי זֵיי פַאר־שְׁטֶעהֶען אוּנ מִיךְ לָאזֶען צוּ רוּה , מִיךְ לָאזֶען לֶעבֶּען וִוי אִיךְ ווִילל , אִיךְ קֶען אָבֶּער צוּ פִיעל יוּדֶען ! . . וֶועלֶען זֵיי נוּר ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין אַ יוּד . וֶועלֶען זֵיי הָאבֶּען רֵייד וֶועגֶען מִיר : „וָואס בִּין אִיךְ עֶפִּים פַאר אַ מִין יוּד אַז אִיךְ גֶעה גֶעגָאלְט אוּנ לֶעבּ נִיט אַזוֹי וִוי זֵיי" , אִיךְ וֶועל אָנְוֶוערֶען בַּיי זֵיי דֶעם גַאנְצֶען וֶוערְט אַלְס מֶענְשׁ , זֵיי וֶועלֶען מִיךְ נִיט שֶׁעצֶען וִוי אַ מֶענְשׁ אִיךְ וֶועל הֵייסֶען בַּיי זֵיי „אֶפִּיקוֹרוֹס" , „יוּדִישֶׁער דַייטְשׁ" , אוּנ זֵיי וֶועלֶען זִיךְ בִּכְלַל נִיט בַּאגֶעהן מִיט מִיר וִוי אַ בְּרוּדֶער ; אַזוֹי צוּם וֵוינִיגְסְטֶען , וֶוען זֵיי ווֵייסֶען נִיט אַז אִיךְ בִּין אַ יוּד . הָאבֶּען זֵיי חָאטְשׁ דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּנ קְרִיכֶען מִיר נִיט אַרַיין אִין גָארְגֶעל .

– נוּר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען , הָאט בֶּארִים וַוייטֶער גֶערֶעדט , וִוי קְרֶענְקְט מִיךְ זִיךְ צוּ גֶעפִינֶען אִין אַזַא לַאגֶע ! אִיךְ הָאבּ קִינְדֶער , אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלְט זֵיי זָאלֶען זַיין יוּדֶען . ווִיסֶען פוּן יוּדִישְׁקֵייט אוּנ דֶער בַּיי אוֹיךְ אוֹיסוַואקְסֶען אֵייראָפֶּאאִישֶׁע מֶענְשֶׁען , וִוי שְׁוֶוער אָבֶּער אִיז דָאס אַלְץ צוּזַאמֶען ! . .

אִיבֶּער גֶעבֶּען אַללֶעס וָואס בָּארִים הָאט אִיצְט גֶעוָואלְט זָאגֶען , אִיז נִיט אַזוֹי נֶאטְהִיג פַאר דֶעם עֶרצֶעהלוּנְג , נִיט בָּארִים אִיז דָא דֶער הֶעלְד , נִיט עֶר אִיז דֶער צְוֶועק , פַארבַּיי־גֶעהֶענְדִיג הָאט אִיהר זִיךְ גֶעמוּזְט , חָאטְשׁ אִין קוּרְצֶען , זִיךְ בֶּעקֶענֶען מִיט אִיהם .

אוּנְז אִינְטֶערֶעסִירְט מֶעהר זַיין זוּהן יַאקָאבּ מִיט וֶועלְכֶען מִיר וֶועלֶען זִיךְ שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסל מֶעהר בַּאקֶענֶען

*

* *

עֶס קֶען זַיין אַז מֶען וָואלְט קֵיין מָאל אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע נִיט גֶעוואוּסְט צוּ אִיז

דֶער נַייֶער פְּרִיץ אַ יוד   וֶוען עֶס זָאל זִיךְ דֶערצוּ נִיט גֶעוֶועזֶען מַאכֶען אַ בַּאזוּנְדֶערֶער צוּפַּאל.

עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ יָאהר זִינְט יַאקָאב מִיט זַיין מוּטֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּל, הָאט מֶען בַּאמֶערְקְט וִוי בְּמְעַט אַלֶּע שַׁבָּת קוּמְט אֵיין אַלְטֶער יוד, עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג נִיט וַוייט פוּן דֶער טְהִיר אוּנ דַאוֶוענְט זִיךְ שְׁטִיל אָבּ, דִי וָואס שְׁטֶעהֶען גֶעבֶּען אִיהם, זָאגְט עֶר דֶערנָאךְ „אַגוּט שַׁבָּת" אוּנ גֶעהט זִיךְ אַוֶועק, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעקֶענְט אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט וֶוער דָאס אִיז. אִין אָנְהוֹיבּ הָאט מֶען גֶערֶעכנט אַז עֶר אִיז אַ פְרֶעמְדֶער אָרִימַאנן, נוּר וֶוען מֶען אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶעפְרֶעגְט „צוּ הָאט עֶר שׁוֹין שַׁבָּת" הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט „אַז עֶר הָאט ב"ה זַיין שַׁבָּת"; וָואס זֶשֶע אִיז דָאס פַאר אַ יוד? מִסְתָּמָא אַ בַּעַל בַּיִת פוּן דֶער פְרֶעמְד, דַארְף מֶען אִיהם אַרוֹיפבֶּעטֶען אִין מִזְרַח, נוּר עֶר הָאט גֶעדַאנְקְט אוּנ גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז בַּיי אִיהם אַלְץ אֵיינְס, הָאט מֶען זִיךְ וַוייטֶער גֶעוואוּנְדֶערְט „וָואס הֵייסְט אַ יוד זָאל נִיט וֶועלֶען קֵיין מִזְרַח?", מֶען הָאט אִיהם אוֹיפגֶערוּפֶען צוּ דֶער תּוֹרָה, הָאט עֶר מְנַדֵר גֶעוֶועזֶען אַ פָאר רוּבּל, נָאךְ מֶעהר וואוּנְדֶער: מְנַדֵר זַיין גֶעלְד אוּנ שְׁטֶעהן בַּיי דֶער טְהִיר. –

מִיט אֵיין וָוארְט דֶער פְרֶעמְדֶער אַלְטִיטשְׁקֶער יוד הָאט שְׁטַארְק פַּארַאִינְטֶערֶעסִירְט דֶעם עוֹלָם אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צְווִישֶׁען זִיךְ רֶעדֶען וֶועגֶען אִיהם: עֶפִּיס יָא אַ יוד אוּנ נִיט קֵיין יוד אוּנ פָארְט אַ יוד, וָואס זֶשֶע אִיז עֶר אַזוֹינְס אוּנ וָואס טוּהט עֶר דָא? אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אַ גֵר פוּן דִי מָאסְקָאוֶוער רַייכֶע־קַאצַאפֶּעס, אַ טְהֵייל – אַז עֶר אִיז אַ רַייכֶער יוד פוּן דֶעם לַאנְד פְּרַ ס אוּנ הָאט זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹצְרוֹת אוּנ דִי גָאלְדֶענֶע בֶּערְג וואוּ מֶען פַּארשִׁיקְט אוֹיף קַאטָארְזְשְׁנֶע רַאבָּאטֶע, נָאר עֶר הָאט זִיךְ אָבּגֶעזָאגְט פוּן אַלֶעם אוּנ וִוייל זִיךְ גֶעהן אַלֶּע שַׁבָּת דַאוְנֶען, אוּנ אַ טְהֵייל הָאבֶּען גָאר גֶעדְרוּנְגֶען אַז עֶר מוּז זַיין עֶפִּיס אַ לִיטְוַואק...

אוּנ אָט הֶערְט וָואס פוּן דֶעם אַלְטֶען יוּדֶען אִיז אַרוֹיסגֶעקוּמֶען:

וֶוען אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא מִיט בָּארִיס לֶעאָנְטָאוִויטְשֶׁען זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בַּיים מִיטָאג, אִיז פְּלוּצִים אַרַיין זַייעֶר בַּאקָאנְטֶער יוד בְּ א בּ י ש דֶער דַאמְסְקֶע שְׁנַיידֶער וֶועהר פַּאר־טְרָאגֶען אוּנ פַּארְסָאפֶּעט. אוֹיף זַיין פְּלוּצִים אַריינקוּמֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ זֶעהר פַארוואוּנ־דֶערְט, וָוארוּם בָּאבִּיש וֶוען עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען צוּם פָּרִיץ אָדֶער צוּ דֶער פְּרִיצְטֶע, פְלֶעגְט עֶר אוֹיף דִי שְׁפִּיץ פִינְגֶער מִיט גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ, זִיךְ אַיינגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרַייעֶן אַריינקוּמֶען, זִיךְ שְׁטֶעלֶען פְּרִיהֶער בַּיי דֶער טְהִיר אוּנ פְּרִיהֶער פְרֶעגֶען בַּיי דֶער דִיעֶנְסְט צוּ מֶען קֶען אַרַיין גַיין צוּ דֶער „פַּאנִי סֶערְדְצֶע", אוּנ אִיצְטֶער אִיז בָּאבִּיש אַרַיין גְלַייךְ, קֵיינֶעם נִיט גֶעפְרֶעגְט, גְלַייךְ וִוי צוּ זִיךְ אִין דֶער הֵיים, דֶעם קָאפּ גֶעטְרָאגֶען גְלַייךְ אוּנ עֶפִּיס זֶעהר פְרֶעהלִיךְ אֲפִילוּ דָאס הִיטֶעל נִיט אַרָאבגֶענוּמֶען פוּן קָאפּ

– וָואס אִיז עֶפִּיס מִיט אַייךְ אַזוֹינְס, בָּאבִּיש! הָאט בָּארִיס מִיט אָלְגֶען גֶעפְרֶעגְט צוּזַאמֶען, פַארשְׁטֶעהט זִיךְ וִוי שְׁטֶענְדִיג אוֹיף גוֹיִש.

בָּאבִּיש הָאט אִין אָנְהוֹיבּ נוּר גֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּנ זִיךְ גֶעדְרֶעהט וִוי אֵיינֶער וָואס וִוייל

עֶפִּים זָאגֶען אוּנ וַוייסְט נִיט פוּן וַואגֶען אָנצוּהוֹיבֶּען , נוּר דֶערנָאךְ הָאט עֶר צוּ זַייְנֶער גְרוֹיס פַארוואוּנְדֶערוּנְג גֶעעֶנְטְוֶוערְט אוֹיף יוּדִישׁ :

– אִיהר זָאלְט מִיר אַללֶע לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד זַיין , אִיהר זֶענְט אוֹיךְ יוּדֶען ? אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט , אִיךְ אוּנ אוּנְזֶערֶע אַללֶע יוּדִישֶׁע שׂוֹנְאִים זָאלֶען אַזוֹי נִיט וִויסֶען פוּן קֵיין שְׁלֶעכְטְס אוּנ פוּן קֵיין גָלוּת וִוי אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ נִיט אָנגֶעהוֹיבֶּען וִויסֶען ׃

בָּאבִּישׁ הָאט וַוייטֶער מִיט פַארגְנִיגֶען גֶעשְׁמֵייכֶעלְט , אוּנ אוֹיף זַיין פָּנִים הָאט מֶען גֶעזֶעהן אַז עֶר שַׁיינְט פַאר גְרוֹיס גְלִיק וָואס זַיינֶע פְּרִיצִים זֶענֶען יוּדֶען . בָּארִיס'ן מִיט אָלְגֶען אִיז דָאס זֶעהר גֶעפֶעלֶען פוּן דֶעם גוּטֶען בָּאבִּישֶׁען אוּנ עֶס הָאט גֶעמַאכְט אוֹיף זַיי אַ גְרוֹיסֶען אַיינְדְרוּק , עֶס הָאט זַיי אַזוֹי גֶערִיהרְט אַז עֶס הָאבֶּען זִיךְ זַיי גֶעשְׁטֶעלְט טְהרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען , בָּארִיס הָאט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אָנגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט בָּאבִּישֶׁען אוֹיךְ אוֹיף יוּדִישׁ .

– יָא , לִיעבֶּער ר׳ בָּאבִּישׁ , זֶעצְט זִיךְ אוּנ נֶעמְט אַבִּיסֶעלֶע בְּרָאנְפֶּען , אִיהר הָאט דָאךְ לִיעבּ קִידוּשׁ צוּ מַאכֶען . נוּר זָאגְט מִיר לִיעבֶּער , ר׳ בָּאבִּישׁ , פוּן וַואנֶען הָאט אִיהר זִיךְ גְרַאדֶע אִיצְטֶער דֶערוואוּסְט , אוּנ מִיךְ וואוּנְדֶערְט פַארוָואס הָאט אִיהר בִּיז אַהֶער נִיט גֶעוואוּסְט אַז מִיר זֶענֶען יוּדֶען ? אִיהר הָאט דַאכְט זִיךְ אַמָאל גֶעפִיהרְט אוּנְזֶער יַאקָאבּ'ן אִין שׁוּל אַרַיין , מַיין פְרוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּל .

בָּאבִּישֶׁעס הַארְץ הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערוַוארִימְט פַאר גְרוֹיס שִׂמְחָה , וֶוען עֶר הָאט פְּלוּצִים דֶערהֶערְט וִוי דֶער פָּרִיץ רֶעדט צוּ אִיהם אוֹיף פְּרָאסְט יוּדִישׁ , אָבֶער אַזוֹי יוּדִישׁ פוּנְקְט וִוי דֶער עֶהרְלִיכְסְטֶער יוּד רֶעדט , אוּנ בֶּעט אִיהם קִידוּשׁ מַאכֶען , זִיךְ זֶעצֶען , דָאס אַלֶעס הָאט אִיהם אַזוֹי גֶערִיהרְט אַזוֹי פַארדְרֶעהט דֶעם קָאפּ אַז עֶר הָאט זִיךְ קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען אוּנ נָאר נִיט גֶעעֶנְטְוֶוערְט דַארוֹיף וָואס בָּארִיס הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט .

– וָואס עֶנְטְוֶוערְט אִיהר גָאר נִיט , ר׳ בָּאבִּישׁ ! הָאט אִיהם בָּארִיס גֶעפְרֶעגְט , וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶר דְרֶעהט זִיךְ עֶפִּים .

– אִיךְ ... אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגֶען דֶעם אֱמֶת ר׳ ... ר׳ ... ר׳ „פַּאנִי סֶערְדְצֶע״ , אַז עֶס הָאט מִיר אִיצְט וִוי דִי צוּנְג אָבְּגֶענוּמֶען אוּנ קֶען נִיט רֶעדֶען ...

אוּנ פוּן בָּאבִּישֶׁעס אוֹיגֶען הָאבֶּען אָנגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ גִיעסֶען טְהרֶערֶען

– וָואס אִיז מִיט אַייךְ ר׳ בָּאבִּישׁ ?... וָואס וַויינְט אִיהר ?

– ר׳ ... ר׳ ... ר׳ „פַּאנִי סֶערְדְצֶע״ ... אִיהר ... זֶענְט אַ יוּד ... זַיי אַזוֹי זָאל אִיךְ נִיט וַויינֶען פַאר פְרֵייד ... אִיךְ בִּין עֶפִּים אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ . אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ ... אַז עֶס הָאבֶּען זִיךְ מִיר אָנגֶעהוֹיבֶּען גִיעסֶען טְהרֶערֶען ... אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג .

בָּארִיס'ן הָאט דָאס גֶערִיהרְט צוּ טְהרֶערֶען נוּר עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהַאלְטֶען .

– נָא זֶעצְט זִיךְ אוּנ בַּארוּהִיגְט זִיךְ , ר׳ בָּאבִּישׁ , הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער ... נָא זָאגְט אַלֵיין ר׳ בָּאבִּישׁ זֶענְט אִיהר נִיט צוּדוּלְט ? ... זָאגְט מִיר וָואס אִיז מִיט אַייךְ דָאס גְלִיק אַז אִיךְ בִּין אַ יוּד , גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ טְהַייעֶרֶער פוּן דֶער אַרְבַּייט נִיט צָאהלֶען אַ גְרָאשֶׁען דֶערפַאר וָואס אִיךְ בִּין אַ יוּד ...

– אָ , אִיהר זָאלְט מִיר גֶעזוּנְד זַיין , ר׳ „פַּאנִי סֶערְדְצֶע״ אִיהר קֶענְט נִיט ר

בָּאבִּישֶׁען, נִיט דָאס מַיין אִיךְ, אִיהר מֶעגְט מִיר אֲפִילוּ צָאהלֶען וֶועלְוֶועלֶער, אַארְט מִיךְ אִיךְ נִיט, אַ יוּד קֶען נִיט צָאהלֶען טְהַייעֶר ... אַ פְּרִיץ אִיז עֶפִּים אַנְדֶערְשׁ ...

– מָא, וָואס־זְשֶׁע פְרֵייעט אִיהר זִיךְ אַזוֹי?

– סְטַייטְשׁ, אִיהר זָאלְט מִיר גֶעזוּנְד זַיין, ווִי אַזוֹי זָאל אִיךְ נִיט וֶוערֶען פְרֶעהלִיךְ אַז פְּלוּצִים וַויים אִיךְ אַז מַיין פְּרִיץ אִיז אַ יוּד ... אוּנ מַיין טְהַייעֶרֶע פְּרִיצְטֶע אִיז אוֹיךְ אַ יוּדֶענֶע אוּנ אַייעֶר יַאקָאב אִיז אַ יוּדִישׁ יוּנְג'ל ...

בָּארִים הָאט זִיךְ וַוייטֶער צוּלַאכְט.

– אִיהר מוּזְט פָארְט זָאגֶען ר' בָּאבִּישׁ, וָואס אִיז מִיט אַייךְ אַזוֹי דָאס גְלִיק וֶוען אִיךְ בִּין אַ יוּד אוּנ וָואס אִיז בַּיי אַייךְ פַאר אַ חִילוּק וָואס אוּנ וֶוער אִיךְ בִּין?

– חְלֶעבֶּען, אִיהר זָאלְט מִיר גֶעזוּנְד זַיין ... אִיךְ וַויים אַלֵיין נִיט פַאר וָואס ... נוּר אִיךְ הָאב זִיךְ עֶפִּים אַזוֹי דֶערפְרֵייעט ... סְטַייטְשׁ, סְטַייטְשׁ אַ יוּד! .. אִיךְ וַויים אַלֵיין אוֹיךְ נִיט וָואס צוּ זָאגֶען אוּנ צוּ עֶנְטְוֶוערן דַארוֹיף נוּר ... נוּר ... סְטַייטְשׁ, סְטַייטְשׁ אַ יוּד ...

מֶעהר הָאט בָּארִים נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסצִיהֶען בַּיי אִיהם קֵיין וָוארְטֶער עֶר זָאל וִויסֶען וָואס אִיז מִיט אִיהם דָאס גְלִיק אַזוֹי, נוּר בָּארִים הָאט אִיהם פַארשְׁטַאנֶען, בָּארִים הָאט גֶעוואוּסְט אַז דָאס לִיעגְט אִין דֶעם יוּדִישֶׁען חַארַאקְטֶער זִיךְ דֶערפְרֵייעֶן וֶוען דֶער יוּד גֶעפִינְט נָאךְ אַ יוּדֶען.

יֶעדֶער אוּמגִלִיקְלִיכֶער וָואס וַואלְגֶערְט זִיךְ אַרוּם אִין דֶער פְרֶעמְד, דֶערפְרֵייעט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג וֶוען עֶר גֶעפִינְט זַיינֶעם אַ בְּרוּדֶער ...

נָאכְדֶעם ווִי בָּאבִּישׁ הָאט זִיךְ אַבִּיסל בַּארוּהִיגְט, הָאט בָּארִים וַוייטֶער אָנגֶעהוֹיבֶּען:

– נָא דֶערצֶעהלְט מִיר אִיצְטֶער ר' בָּאבִּישׁ ווִי אַזוֹי הָאט אִיהר זִיךְ דֶערוואוּסְט אַז אִיךְ בִּין אַ יוּד.

אָט וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערצֶעהלֶען:

– שׁוֹין פוּן אַ סַךְ שַׁבָּתִים אַז בַּיי אוּנְז אִין שׁוּל הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען קוּמֶען אַלֶע שַׁבָּת אַ פְרֶעמְדֶער יוּד דַאוְונֶען, קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וֶוער דֶער אַלְטִיטְשְׁקֶער יוּד אִיז, אִיךְ גֶעה אַזוֹי צוּ אַייךְ אִיצְטֶער, זֶעה אִיךְ אַזוֹי אַרַייגְגֶעהן דֶעם יוּדֶען צוּ מַיין פְּרִיץ ...

– ווִי, אִיהר זָאלְט מִיר גֶעזוּנְד זַיין, טְרַאכְט אִיךְ מִיר אַזוֹי, עֶפִּים אַ נַיי יוּדֶעל הָאט זִיךְ צוּגֶעשַׁארְט צוּ מַיין פְּרִיץ. מִיר גֶעהֶען אַזוֹי אַרַיין בֵּיידֶע אִין טְהוּיעֶר אִיךְ קוּק אוֹיף אִיהם אוּנ עֶר קוּקְט אוֹיף מִיר. צוּ וֶועמֶען דַארְפְט אִיהר? פְרֶעגְט עֶר מִיךְ.

– חַא, חַא! צוּלַאךְ אִיךְ זִיךְ, „צוּ וֶועמֶען דַארְף אִיךְ"? פְרֶעגְט אִיהר מִיךְ. – אִיךְ פְרֶעג אַייךְ: צוּ וֶועמֶען דַארְפְט אִיהר? דָא וואהְנְט דָאךְ מַיין פְּרִיץ! עֶר הָאט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעטוּהן אוּנ זָאגְט מִיר:

– אִיהר הָאט אַ טָעוּת עֶס אִיז מַיין פְּרִיץ. דָא הָאט מִיךְ פַארדְרָאסֶען ווי״נ אִיךְ הָאב מִיךְ אַבִּיסל בַּאלֵיידִיגְט, דֶער פְּרִיץ אִיז שׁוֹין אַזוֹי פִיעל צַייט מַיין פְּרִיץ אוּנ דָא קוּמְט פְּלוּצִים אַ נַייעֶר יוּד אוּנ זָאגְט אַז עֶר אִיז זַיינֶער.

– אייער פּריץ איז מיין זוהן, זאגט ער ווייטער, דא וואהנען מיינע קינדער, איהר זענט דאכט זיך זייער שניידער.

– איך האב זיך שיער ניט באגראבען אין דער ערד און האב ניט געקענט ענטװערן פון גרוים וואונדער.

– איך האב שוין דא אויף אייך געפרעגט ליעבער יוד, זאגט ער ווייטער, מיין שנור זאל לעבען האט מיר צוגעזאגט אז זי וועט אייך צו מיר שיקען, איהר זענט דאכט זיך א דאמסקער שניידער, נור די קינדער האבען מיך פארזיכערט אז איהר קענט אלעס נאהען און פיר מאנער קליידער אויך.

– מען רופט מיך טאקי „דאמסקע שניידער" נור איך קען מאנסבילשע קליידער אויך נאהען.

איך בין אריינגעגאנגען אין שטיבל וואס איז אויפ'ן הויף און האב זיך אזוי פארוואונדערט איהר זאלט האבען אזא טאטען מיט אזוי פיעל יודישע ספרים, אפילו גרויסע גמרא'ס אין גרויסע איינבונדען האב איך אויך דארט געזעהן, איך האב זיך אזוי דערפרייעט אז איך בין אריינגעלאפען צו אייך...

– יא ער איז מיין פאטער זעהר איין ערהליכער יוד און א גוטער מענש.

– נור, איהר זאלט מיר געזונד זיין, פאר וואס זעה איך קיין מאל ניט אייער טאטען ביי אייך אין שטוב.

– ווען קענט איהר איהם זעהן, ער קומט נור אבענד, ווען איהר זענט גראדע ניט דא, אויף צוויי שעה זיך זעהן מיט די קינדער, א גאנצע טאג זיצט ער זיך ביי זיך אין שטיבל אדער ער דאווענט אדער ער לערנט. איין אלטער יוד אויף דער עלטער וואס זאל דען טוהן?

– נא אט עסט איהר איצט מיטאג, קומט ער אפילו ניט צום מיטאג.

– איהר ווייסט דאך ביי מיר איז א טרפה קיך און ער עסט כשר'ס, מען קאכט איהם דארט באזונדער.

באביש האט נור געצויגען מיט די פלייצעס און זיך געוואונדערט „וואס עס קען זיך טרעפען אויף דער וועלט!". –

*

* *

נאכדעם איז גאנץ פריבעגדריוקע פון קליין ביז גרויס געוואהר געווארן „אז דער נייער פּריץ איז גאר א יוד" און דער אלטיטשקער יוד פון דעם לאגר „פּרס" וואס מען האט געמיינט אז ער איז „א ליטוואק" איז גאר דעם נייעם „פּריץ'ס טאטע".

שבת נאכדעם ווען מען איז געוואהר געווארן „פון דעם נייעם פּריץ מיט זיין טאטען", איז געוועזען א שבת פון רייד, כון מעשׂות, מען האט געדאוועגט ניט ווי מען דאווענט אללע שבת, באבישען האט מען פשוט פארטאטשעט יעדער האט אויך געוואלט וויסען מיט אללע ברעקליך, פונקטליך, אקוראט, ווי אזוי און ווי אזוי ווען און

אויף וָואס פַאר אַיין אופֶן אונ מִיט כְּאָהַת וִוי אַזוי אִיז גֶעוֶועזֶען דִי מַעֲשֶׂה פוּן אָנְהויבּ בִּיז סוֹף ·

כָּאטְשׁ אִיז קוים אַנְטְלָאפֶען אונ זִיךְ כַּאהַאלְטֶען בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אויף דֶעם גַאנְצֶען שַׁבָּת'דִיגֶען טָאג ; אַזוי גֶעבִּיךְ אִיז עֶר אָהְן אַ מויל גֶעבְּלִיבֶּען , יֶעדֶען צֶעהְן מָאל דֶערְצֶאהְלֶענְדִיג אונ אִיבֶּערדֶערְצֶאהְלֶענְדִיג ·

שַׁבָּת בַּייטָאג ד. ה. נָאךְ דֶעם שְׁלָאף הָאבֶּען אַלְטֶע יוּדֶען גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז זִיךְ גָאר נִיט דָא וָואס צוּ וואוּנְדֶערן , זֵיי וֵוייסֶען פוּן אַזוֹיגֶע אַ סַךְ מַעֲשׂוֹת וָואס מֶען וֶועהְט בַּאשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַז מֶען קֶען אַיוּדִישֶׁע נְשָׁמָה נִיט שַׁאצֶען ·

– דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ אַ יוּנְג'ל גֶעוֶועזֶען , הָאט דֶערְצֶאהְלְט אַיין אַלְטֶער יוּד אַ מְקַבֵּל , זִיצֶענְדִיג אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ פַאר מִנְחָה – וֶוען מַיין טַאטֶע הָאט נָאךְ גֶעוָואהְנְט אויף דֶעם בַּארְג נֶעבֶּען דֶער אַלְטֶער קְלויז , דֶענְסְטְמָאל הָאט מֶען נָאךְ קַיין יוּדִישֶׁע „רֶעקְרוּטֶען" נִיט גֶענוּמֶען (חָאטְשׁ צוּ דֶער מַעֲשֶׂה גֶעהֶערֶען זִיךְ גָאר נִיט אָן קַיין „רֶעקְרוּטֶען. נוּר דֶער מְקַבֵּל הָאט אָהְן דִי „רֶעקְרוּטֶען" קַיין מָאל קַיין מַעֲשֶׂה נִיט אָנְגֶע־הויבֶּען דֶערְצֶאהְלֶען) הָאט פוּן יֶענֶער זַייט בַּארְג גֶעוָואהְנְט אַיינֶער וָואס פְלֶעגְט גֶעהְן זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען גֶעשׁוירֶען דִי בָּארְד אוּנ אָהְן אַ הִיטֶעל , וֶוען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט מֶען פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ , אִיהם בַּאגְרָאבֶּען פוּן יֶענֶער זַייט פַּארְקֶען אוּנ נָאךְ זַיין מִטָּה אִיז פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ , אֲפִילוּ אַ הוּנְד נִיט נָאכְגֶעגַאנְגֶען · – נִיט שְׁפֶּעטֶער וִוי אויף דֶער אַנְדֶערֶער נַאכְט אִיז גֶעקוּמֶען דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת צוּם „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" אונ הָאט אִיהם גֶע־זָאגְט : „דוּ רָשָׁע ! דוּ הָאסְט זִיךְ פַארְזִינְדִיגְט דַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אונ אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען נָאךְ דִיר" · · ·

– אִיךְ ? הָאט אָנְגֶעהויבֶּען בֶּעטֶען אונ קְנִיעֶן דֶער פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ , אִיךְ בִּין אַזוֹי פִיעל אויף דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען פְרוּם , שְׁטֶענְדִיג גֶעדַאוֶונְט , קַיין יַארְמִילְקֶע אִיז נִיט אַרָאבּ פוּן מַיין קָאפּ , אִיךְ זָארְג פַאר דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדט יוּדֶען אונ טָאמֶער הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט בִּין אִיךְ מֶעהר נִיט וִוי אַ בָּשָׂר וָדָם , דְרוּם בֶּעט אִיךְ מֶען זָאל מִיר מוֹחֵל זַיין · –

– דוּ רָשָׁע ! שְׁוַויג אונ הֶער וָואס מֶען טוּהט רֶעדֶען צוּ דִיר , רָשָׁע ! פַאר וָואס הָאט אִיהר דֶעם נֶעכְטִיגֶען טָאג מְבַיֵּישׁ גֶעוֶועזֶען אַזאַ טְהַייֶערן צַדִּיק וָואס הָאט זִיךְ אויף אֵייבִּיג גֶעקויפְט יֶענֶע וֶועלְט אונ זַיין שְׁטוּהל אִין גַן עֵדֶן אִיז שׁוֹין לַאנְג אָנְגֶעגְרֵייט אויבֶּענְאָן נֶעבֶּען דִי אָבוֹת אונ אִיהר הָאט אִיהם מְבַיֵּישׁ גֶעוֶועזֶען אונ בַּאגְרָאבֶּען פוּן יֶענֶער זַייט פַארְקֶען , אונ דֶער צַדִּיק הָאט נֶעבִּיךְ אוּמְזִיסְט גֶעלִיטֶען , אַייֶער גַאנְצֶע שְׁטָאדט הָאט זִיךְ דֶערְמִיט פַארְזִינְדִיגְט · נוּר דֶער גְזַר אִיז אַרוֹיס נוּר אויף דִיר , דוּ רָשָׁע ! וַוייל דוּ בִּיזְט דְרַייסִיג יָאהר גֶעוֶועזֶען זַייעֶר „פַאסְטוּךְ" הָאסְט דוּ בַּאדַארְפְט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז אַ גַאנְצֶע עֵדָה יוּדֶען זָאל זִיךְ נִיט פַארְזִינְדִיגֶען , דוּ רָשָׁע ! · ·

אִין גְרוֹיס צִיטֶערְנֶעשׁ אִין גְרוֹיס פְלַאטֶערְנֶעשׁ , הָאט דֶער „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" אָנְגֶעהויבֶּען בֶּעטֶען :

– סְטַייטְשׁ עֶר אִיז זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ גֶעשׁוירֶענֶער בָּארְד אונ אָהְן אַ הִיטֶעל · · ·

– שְׁטִיל דוּ רָשָׁע ! אוּנ מַאךְ שְׁוַויינֶען דַיינֶע לֶעפְּצֶען, מֶען טָאר נִיט שַׁאצֶען קֵיין יוּדִישֶׁע נְשָׁמָה ! הֶער וִוי דֶער צַדִיק הָאט זִיךְ גֶעקוֹיפְט „יֶענֶע וֶועלְט": נָאךְ וֶוען עֶר אִיז אַ יוּנְגֶער מַאנן גֶעוֶועזֶען אִיז עֶר אַמָאל דוּרְכְגֶעפָאהרֶען דוּרךְ אַ יוּדִישׁ שְׁטֶעדְט'ל, עֶר בָּאהרְט אוּנ זֶעהט וִוי דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְט'ל לוֹיפְט, עֶר אִיז אוֹיךְ צוּגֶענַאנְגֶען אוּנ זֶעהט וִוי אִין מִיטֶען מַארק גֶעבֶּען אַיין אָרֶעם שְׁטִיבּל שְׁטֶעהֶען כְּלֵי זֶמֶר מִיט דִי שְׁמִיטְשִׁיקֶעס, אַ פּוֹיקֶער מִיט דֶער פּוֹיק, אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם. דִי כַּלָה וֵויינְט שְׁטַארְק, דִי מְחוּתָּנִים קְרִיעֶגֶען זִיךְ אוּנ שִׁילְטֶען זִיךְ אוּנ דֶער חָתָן זָאגְט: „אַז מֶען וֶועט מִיר נִיט גֶעבֶּען קֵיין נַייעֶם טַלִית וִוי מֶען הָאט צוּגֶעזָאגְט, וֶועל אִיךְ נִיט גֶעהן צוּ דֶער חוּפָּה", דִי מְחוּתָּנִים קְרִיעֶגֶען זִיךְ, דֶער עוֹלָם טַעֲנָה'ט אִיבֶּערְן חָתָן, דִי כְּלֵי זֶמֶר שְׁטֶעהֶען מִיט דִי שְׁמִיטְשִׁיקֶעס, דֶער פּוֹיקֶער מִיט דֶער פּוֹיק, דִי כַּלָה וֵויינְט שְׁטַארְקֶער אוּנ דֶער חָתָן זָאגְט זַיינְס ! „אַז מֶען וֶועט מִיר נִיט גֶעבֶּען קֵיין טַלִית וֶועל אִיךְ נִיט גֶעהן צוּ דֶער חוּפָּה", פְּלוּצִים זֶעהט דֶער עוֹלָם וִוי אַיינֶער וָואס הָאט אַ פָּנִים וִוי אַ גוֹי שְׁטוּפְּט זִיךְ צְוִוישֶׁען עוֹלָם מִיט אַ בִּינְדְטֶעל אוּנ שְׁטוּפְּט זִיךְ גְלַייךְ צוּ צוּם חָתָן אוּנ זָאגְט: „אִיךְ דַאוֶוען בְּלוֹיז נִיט - נָא אִיךְ שֶׁענְק דִיר אַוֶועק מַיין שְׁפָּאגֶעל נַייעֶם טַלִית וָואס אִיךְ הָאבּ אִין אִיהם אֶפְשַׁר אַיין מָאל גֶעדַאוֶוענְט אִין מַיין לֶעבֶּען אוּנ קְרִיעג זִיךְ נִיט, גֶעה צוּ דֶער חוּפָּה אוּנ הָאבּ לִיעבּ דַיין כַּלָה". עֶר הָאט בִּינְדְטֶעל אַרוֹיסגֶענוּמֶען אַ שְׁפָּאגֶעל נַייעֶם טַלִית נָאךְ מִיט אַיין זִילְבֶּערְנֶער עֲטָרָה אוּנ זִיךְ אַוֶועקגֶענַאנְגֶען אוּנ וַוייטֶער אַוֶועקגֶעפָאהרֶען. דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט פַארְוואוּנְדֶערן אוֹיף דֶעם נַייעֶם טַלִית, דִי מְחוּתָּנִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְרִיעגֶען דִי כְּלֵי זֶמֶר הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דִי שְׁמִיטְשִׁיקֶעס, דֶער פּוֹיקֶער צוּם פַּייקֶעל, דֶער חָתָן אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער חוּפָּה אוּנ דִי כַּלָה הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט וֵויינֶען.. בַּאלְד הָאט מֶען אוֹיסגֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף דֶעם הִימֶעל: אַז מֶען זָאל שְׁטֶעלֶען אַ גִילְדֶענֶע שְׁטוּהל אִין גַן עֵדֶן פַאר דֶעם וָואס הָאט גֶעשֶׁענְקְט דֶעם טַלִית, דֶערמִיט הָאט עֶר זִיךְ גֶעקוֹיפְט יֶענֶע וֶועלְט אוּנ עֶר מֶעג אֲפִילוּ זִיךְ שֶׁערֶען דִי בָּארְד אוּנ גֶעהן אָהן אַ הִיטֶעל זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען וֶועט מֶען אִיהם אַלְץ מוֹחֵל זַיין; זַיין נָאמֶען הָאט מֶען בַּאלְד פַארְשְׁרִיבֶּען צְוִוישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע צַדִיקִים פוּן דֶעם פָאר פָאלְג אִיז דֶערנָאךְ אַרוֹיסגֶעקוּמֶען אַ גְרוֹיסֶער צַדִיק אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ דִי אַלֶע מַלְאָכִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ בַּיי דֶעם גְרוֹיסֶען צַדִיק פוּן דֶעם פָאר פָאלְג אִין דִי הָאנְד, לוֹיבֶּען אוּנ זִינְגֶען שְׁטֶענְדִיג פַאר דֶעם השי"ת אוּנ דֶערמָאנֶען אַלֶע מָאל צוּ גוּטֶען דֶעם וָואס הָאט גֶעשֶׁענְקְט דֶעם טַלִית, וָוארוּם וֶוען נִיט דֶער טַלִית וָואלְט קֵיין גְרוֹיסֶער צַדִיק נִיט אַרוֹיסגֶעקוּמֶען, אוּנ דוּ רָשָׁע ! הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת גֶעשְׁרִיעֶן מִיט פַייעֶר אִין מוֹיל אוֹיף דֶעם „פַּרְנָס חוֹדֶשׁ", אוּנ דוּ רָשָׁע הָאסְט אַזַא גְרוֹיסֶען צַדִיק מְבַיֵישׁ גֶעוֶועזֶען פַאר אַ גַאנְצֶע עֵדָה אוּנ אִיהם גֶעהַייסֶען בַּאגְרָאבֶּען אוֹיף יֶענֶער זַייט פַארְקֶען וֶוען, דוּ רָשָׁע, זָאלְסְט גֶעוֶועזֶען זֶעהן וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶען כָּבוֹד מֶען הָאט אִיהם גֶעמַאכְט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, וִוי אַלֶע אָבוֹת אַבְרָהָם, יִצְחָק, יַעֲקֹב אוּנ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, דָוִד הַמֶלֶךְ אוּנ דֶער מֶעזִיבּוּזֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב ז"ל מִיט נָאךְ אַ סַךְ צַדִיקִים אוּנ צִדְקָנִיוֹת הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן זֵייעֶרע שְׁטוּהלֶען אוּנ אִיהם גֶעגַאנְגֶען אַקֶעגֶען. אוּנ אוֹיף דִיר, רָשָׁע, אִיז אַרוֹיס גֶעזַאר וָואס אַ גְזַר, בִּיז 24 שָׁעָה דִיךְ נֶעמֶען צוּ אוּנז, אִיצְט אִיז נָאךְ

דִיר גֶעבְּלִיבֶּען 23 שָׁעָה ; הָאסְט דוּ צַייט שְׁרַייבֶּען אַ „צַוָואָה"

אוּנ דֶער כַלְאָךְ אִיז אַוֶועק אִין גְרוֹיס צָארן .

– אוֹיף מָארְגֶען וֶוען דֶער „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט ; הָאט וַוייטֶער דֶערְצֶאהלְט דֶער אַלְטֶער מְקַבֵּל – הָאט עֶר מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען דֶעם גַאנְצֶען שְׁטֶאדְטֶ׳ל אַז עֶר אִיז קְרַאנְק ; עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶאדְטל אַלְטֶע יוּדֶען , יוּנְגֶע לַייט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער פוּן דִי וִויעגֶען הָאבֶּען בַּאלֶעגֶערְט דֶעם „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ׳ס" שְׁטוּבּ אוּנ עֶר הָאט פַאר אַלֶעמֶען דֶערצֶאהלְט דִי גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה . אִיךְ בִּין נָאךְ דֶענְסְטְמָאל אַ קִינְד גֶעוֶועזֶען , אִיךְ דֶערְצֶאהל אַייךְ אַז עֶס אִיז גֶעשֶׁעהן נָאךְ פַאר דִי „רֶעקְרוּטֶען" , בִּין אִיךְ אוֹיךְ גֶעלָאפֶען נוּר אִיךְ הָאבּ זִיךְ אֲפִילוּ צוּ דֶער טְהִיר נִיט גֶעקֶענְט דֶערשְׁטוּפֶּען ; מֶען הָאט מִיךְ דֶענְסְטְמָאל , גֶעדֶענְק אִיךְ וִוי הַיינְט , שִׁיעֶר נִיט צוּטְרָאמְפֶּען , דֶערְנָאךְ הָאט דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶאדְטל אוּנ אִיךְ אוֹיךְ (אִיךְ גֶעדֶענְק עֶס וִוי הַיינְט) גֶעזָאגְט „תְּהִלִּים" אִין אַלֶע שׁוּלֶען אוּנ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים , נוּר עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען : פּוּנְקְט אִין דְרַיי אוּנ צְוַואנְצִיג שָׁעָה אַרוּם אִיז דֶער „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" גֶעשְׁטָארְבֶּען . שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים אִיז דֶער „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" גֶעקוּמֶען צוּ חָלוֹם צוּ דֶעם אַלְטֶען רָב ז"ל דֶעם הַיינְטִיגֶען רָב׳ס טַאטֶע ,״ אוּנ הָאט אִיהם דֶערצֶאהלְט אַז עֶר לַיידט דָארְט זֶעהר פִיעל אוּנ דֶערְנָאךְ וֶוען עֶר וֶועט אַלֶעס אָבְּקוּמֶען אִיז אַרוּם אַ גְזַר זָאל עֶר מְגוּלְגָל וֶוערֶען אִין אַ יוּדֶען וָואס וֶועט הָאבֶּען אַ פָּנִים וִוי אַ גוֹי , זִיךְ שֶׁערֶען דִי בָּארְד אוּנ גֶעהְן אָהְן אַ הִיטֶעל אוּנ זָאל דֶערְנָאךְ קוּמֶען צוּ קְבוּרָה מִיט בִּזְיוֹנוֹת , אַזוֹי וִוי עֶר הָאט מְבַיֵּישׁ גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם יוּדֶען וָואס הָאט גֶעוָואהְנְט פוּן יֶענֶער זַייט בַּארְג אַקֶעגֶען דֶער שְׁטוּבּ וואוּ מַיין טַאטֶע הָאט גֶעוָואהְנְט וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ יוּנְגְ׳ל , נָאךְ פַאר דִי „רֶעקְרוּטֶען" . –

גֶעוִויס נָאךְ הוּנְדֶערְט מַעֲשׂוֹת הָאט מֶען אוֹיסְדֶערצֶאהלְט אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת „וִוי מֶען קֶען אַ יוּדִישֶׁע נְשָׁמָה נִיט שַׁאצֶען" , נוּר דֶעם מְקַבֵּל׳ס מַעֲשֶׂה הָאט מֶעהר גֶעמַאכְט אַיין אַיינְדְרוּק אַז עֶס אִיז אַיינִיגֶע אַיינְגֶעפַאלֶען :

– טָאמֶער אִיז דֶער נַייעֶר פְּרִיץ וָואס אִיז אַ יוּד , דֶער גִלְגוּל פוּן דֶעם „פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ" . . .

דֶעם אַיינְפַאל הָאט אָבֶּער קֵיינֶער נִיט אַרוֹיסְגֶעזָאגְט אוּנ מֶען הָאט עֶס שְׁטִיל אַרָאבְּגֶעשְׁלוּנְגֶען אוֹיף שְׁטֶענְדִיג .

פוּן דֶער צַייט אָן הָאט זִיךְ דֶער נַייעֶר פְּרִיץ גֶערֶעכֶנְט אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע פַאר אַ יוּדֶען , עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ פַאר „אַ דַייטְשֶׁען יוּדֶען" , וָואס אִיז פוּן דֶער הַיינְטִיגֶער וֶועלְט . בִּיסְלֶעכְוַוייז הָאט מֶען זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט וואוּנְדֶערְן וָואס פוּן דֶעם פְּרִיץ אִיז פְּלוּצִים גֶעוָוארְן אַ יוּד אוּנ בָּארִים לֶעוָונְטָאוִויטְשׁ הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכְנֶען פַאר אַ פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶער בַּעַל בַּיִת , ד. ה. עֶרֶב פֶּסַח וֶוען מֶען אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ מָעוֹת חִטִּים אִיז מֶען אוֹיךְ אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ בָּארִיס׳ן , דֶעסְטְגְלַייכֶען פוּרִים אוּנ חֲנוּכָּה , אַלֶע מָאנְטָאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטָאג הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעהְן צוּ אִיהם יוּדִישֶׁע אָרֶעמֶע לַייט א. ד. ג.

בָּארִיס לֶעוָונְטָאוִויטְשׁ מִיט זַיין פַאמִילְיֶע הָאבֶּען זַייעֶר לֶעבֶּען נִיט פַארֶענְדֶערְט אוּנ זִיךְ גֶעלֶעבְּט וִוי פְרִיהֶער , חוּץ דָאס וָואס מֶען הָאט פַאר יַאקָאבֶּען צוּ צְוֶועלְף יָאהר

גֶעדונגֶען אַ יודִישֶׁען מְלַמֵד עֶר זָאל אַרַיינגֶעהן אויף אַ שָׁעָה צְווַיי אִין טָאג לֶערְנֶען „אַלֶף בֵּית״, אויך הָאט עֶר זִיך פון דֶער צַייט אָן בֶּעקַאנְט מִיט אַ צְוַויי דְרַיי יודִישֶׁע יונגְלֶעךְ, צְווִישֶׁען זַיי אויך מִיט אוּנְזֶער בַּאקַאנְטֶען חַייקֶעל פִּישֶׁקֶעמַאכֶער אונ די יונְגְלֶעךְ הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעהויבֶּען רופֶען „יַענְקִיל״ אונ אִיהם שְׁטַארְק מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען וָואס עֶר וַוייסְט נִיט פון דֶער קִינְדֶערשֶׁער קַאטָארְגֶע „דֶעם חֵדֶר״, אויך אִיהם מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען וָואס יַעֲנְקִיל (יַאקָאב) גֶעהט שְׁטֶענְדִיג רֵיין שֶׁאן, אונ לֶעהֶרֶערְס מִיט אַ מְלַמֵד גֶעהֶען צו אִיהם אַהֵיים.

דָאס אַללֶעס הָאט זִיך אָבֶּער אַזוֹי גֶעפִיהרְט כָּל זְמַן יַאקָאב הָאט זִיך גֶערֶעכְנֶט פַאר אַ יוּנְג׳ל. וֶוען עֶר אִיז אָבֶּער עֶלְטֶער גֶעוָוארן הָאט עֶר זִיך אָבְּגֶעטְהֵיילְט פון זַיינֶע יודִישֶׁע חֲבֵרִים, דֶעם יודִישֶׁען מְלַמֵד וָואס הָאט אִיהם אויסגֶעלֶערנט דַאוְנֶען, הָאט עֶר אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען, מִיט יודֶען אִיז עֶר זִיך כְּלַל נִיט פַארגַאנְגֶען, דָאס גַאנְצֶע יודִישֶׁע לֶעבֶּען אִיז בַּיי אִיהם אויסגֶעקומֶען זֶעהר לַאנְגְווַיילִיג טְרויֶערִיג אונ טונְקֶעל. וֶוענֶען אַללֶע יודֶען הָאט עֶר גֶעהַאט אַ מֵיינוּנג אַז זַיי זֶענֶען ווילְדֶע פַאנַאטִיקֶער, אַ פִינְסְטֶער פַארְגְרֶעבְט פָאלְק, עֶר פְלֶעגְט זִיך אֲפִילוּ וואוּנְדֶערן וָואס צו זַיין פָאטֶער אִין הויז פְלֶעגְט אַמָאל אַרַיינקומֶען אַ יוד;

וֶוען יַאקָאב אִיז שוין גֶעוָוארן אַפַיינֶער יונְגֶער מַאנן וָואס הָאט שוין גֶעמֶעגְט קומֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין ד. ה. וֶוען עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארן אַ יָאהר צְוַואנְצִיג אִיז עֶר גָאר אַוֶועק־גֶעפָאהרֶען פון פְּרִיבֶּעֶנְדִיוְוקֶע, גֶעלֶעבְּט אִין גְרויסֶע שְׁטֶעדט, זִיך פַארגַאנְגֶען נור מִיט קְרִיסְטֶען, גֶעקוּמֶען נור אִין רוסִישֶׁע הַייזֶער, פון יודֶען הָאט עֶר כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען פַאר־גֶעסֶען, צום אָנְדֶענְקֶען אִיז אִיהם נור גֶעבְּלִיבֶּען די „סְמֶעשְׁנַאיַא״ יודִישֶׁע „סִינַאגָאגַא״, דֶער „סְמֶעשְׁנָאי״ חַזָן וָואס גְארְגֶעלְט זִיך, די „סְמֶעשְׁנֶע״ פְּרִיבֶּעֶנְדִיוְוקֶער יודֶען מִיט זַייעֶרֶע ווִילְדֶע לַאנְגֶע פֵּאוֹת אונ קַאפָּאטֶעס, די פַארשְׁמִירְטֶע אָבְּגֶעשְׁלִיסֶענֶע יודִישֶׁע יונְגְלֶעךְ, די קויטִיגֶע פַארדְרִיפֶּעטֶע יודִישֶׁע ווַייבֶּער. אִי דָאס פְלֶעגְט עֶר זִיך אִין דֶעם דֶערמָאנֶען נור דֶענְסְטְמָאל, וֶוען אִין אַ רוסִישׁ הויז פְלֶעגְט וֶוערֶען אַ שְׁמוּעֶס פון די „סְמֶעשְׁנַא בִּידְנֶע זְשִׁידָאקְלֶעךְ״, אָדֶער אִין אַזַא אָבֶּענְד וֶוען מֶען פְלֶעגְט קומֶען פון דֶעם טְהֶעאַטֶער וואוּ מֶען הָאט פְארגֶעשְׁטֶעלְט סְצֶענֶעס פון יודֶען מִיט לַאנְגֶע פֵּאוֹת אויף צו לַאכֶען, דֶענְסְטְמָאל פְלֶעגְט צְווִישֶׁען אַללֶע וֶוערֶען אַ שְׁמוּעֶס, יֶעדֶער פְלֶעגְט דֶערצֶעהלֶען ווִי עֶר הָאט אַמָאל בַּאגֶעגֶענְט אַזוֹינֶע יודֶען.

צו 25 יָאהר נָאכְדֶעם ווִי עֶר הָאט זִיך אָנְגֶעלֶעבְּט אִין דֶער גְרויסֶער וֶועלְט אויף דֶעם טַאטֶענְס חֶשְׁבּוֹן אונ עֶס הָאט אִיהם דֶערגֶעסֶען דָאס בָּחוּר׳שֶׁע לֶעבֶּען, הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט פַאר אַ יודִישׁ פְּרַיילֵיין מִיט אַ סַךְ גֶעלְד. זַיין יונְג ווַייבּל אִיז אַרויסגֶעקומֶען פון אַזַא הויז אונ הָאט גֶעהַאט אַ בַּאגְרִיף פון דֶעם יודֶענְטְהוּם אונ פון יודֶען מִיט זַייעֶר לֶעבֶּען פונְקְט ווִי זַיין מוּטֶער אָלְגַא אִיוַואנָאוְונַא אויבּ די לֶעזֶער גֶעדֶענְקֶען זִי. —

אִין עֶטְלִיכֶע יָאהר אַרום ד. ה. נָאךְ דֶעם ווִי עֶר הָאט מִיט זַיין יונְג ווַייבּל גֶעלֶעבְּט אִין דֶער גְרויסֶער וֶועלְט ווִי עֶס פַּאסְט אַ יונְג פָּאר פָּאלְק נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, הָאט עֶר זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין פְּרִיבֶּעֶנְדִיוְוקֶע, בַּיי זַיין פָאטֶערְס גֶעשֶׁעפְטֶען, דֶען אויף דֶער עֶלְטֶער הָאבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערן גֶעוָואהנְט מֶעהר אִין אויסלַאנְד ווִי אִין רוסְלַאנְד:

יַאקָאבּ אִיז כִּמְעַט גֶעוָוארן דֶער גַאנְצֶער בַּעַל בַּיִת אוּנ הָאט זִיךְ עֶרְנְסט אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט דִי גֶעשֶׁעפְטֶען. מִיט יוּדֶען הָאט עֶר זִיךְ כִּמְעַט נִיט אָנגֶעהֶערְט, עֶר מִיט זַיין פְרוֹי זֶענֶען זִיךְ פַארנַאנְגֶען מִיט דִי פְּרִיצִים וָואס הָאבֶּן גֶעוָואהנְט אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע אוּנ מִיט דִי פָאמֶעשְׁטְשִׁיקֶעס פוּן דֶעם גֶעגֶענְד.

מִיט דֶעם יוּדִישֶׁען שְׁטַאנְד, מִיט דֶער יוּדִישֶׁער פְרַאגֶע הָאט עֶר זִיךְ קֵיין מָאל נִיט אִינְטֶערֶעסִירְט, חוּץ וָואס עֶר פְלֶעגְט נָאךְ אַ גוּטֶען מִיטָאג אַ מָאל לֵייעֶנֶען אִין דִי צַייטוּנְגֶען וֶועגֶען יוּדֶען, פּוּנְקְט אַזוֹי קַאלְטבְּלִיטִיג, וִוי קְרִיסְטֶען לֵייעֶנֶען אִין דִי צַייטוּנְגֶען נַייעֶס פוּן אַנְדֶערֶע נַאצְיָעס אוּנ פֶאלְקֶער.

וֶוען עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען הֶערֶען דִי יוּדִישֶׁע פָּאגְרָאמֶען אוּנ יַאקָאבּ הָאט אוֹיךְ אִין דִי גַאזֶעטֶען גֶעלֶעזֶען אַז מֶען פַאלְט אָן נִישְׁט נוּר אוֹיף דִי פַאנַאטִישֶׁע יוּדֶען נוּר אֲפִילוּ אוֹיף אַזוֹינֶע אִינְטֶעלִיגֶענְטֶע וִוי עֶר אִיז, הָאט עֶר אַבִּיסֶל אָנגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ פַארְטְרַאכְטֶען וָואס עֶר אִיז אוֹיךְ אַ יוּד; זַיינֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע גוּטֶע פְרַיינְד פוּן דִי קְרִיסְטֶען וָואס זֶענֶען אִיהם גֶעלְד שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען אִיהם אוֹיךְ פְּלוּצִים בַּיי יֶעדֶען צוּפַאל גֶעגֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהן אַז זֵיי זֶענֶען קְרִיסְטֶען אוּנ עֶר אִיז אַ יוּד, אַ טְהֵייל פוּן זֵיי הָאבֶּען פַארְזִיכֶערְט, גֶעדְרוּנְגֶען אַז אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע וֶועט אוֹיךְ מִסְתָּמָא נִיט אוֹיסְפֶעהלֶען דֶער פָּאגְרָאם אוּנ „פַאנִי יַאקָאבּ'ן" וֶועט מֶען אוֹיךְ מִסְתָּמָא נִיט אוֹיסְפֶעהלֶען. פַאנִי יַאקָאבּ מִיט זַיין פְרוֹי הָאבֶּען זִיךְ דֶערוֹיף אֲפִילוּ גֶעוְואוּנְדֶערְט אוּנ כִּמְעַט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, זֵיי זָאלֶען גָאר דַארְפֶען מוֹרָא הָאבֶּען פַאר אַ פָּאגְרָאם, טְרַאכְטֶענְדִיג: „סְטַייטְשׁ מִיר הָאבֶּען דֶען אַ פְּנִים וִוי יוּדֶען, לֶעבֶּען מִיר דֶען וִוי דִי יוּדֶען" הַיינְט פַארוָואס הָאבֶּען מִיר מוֹרָא צוּ הָאבֶּען? נוּר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט יַאקָאבּ וֶועגֶען דֶעם אַללֶע מָאל מֶעהר אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרַאכְטֶען אוּנ זִיךְ מְיַישֵׁב זַיין מִיט זַיין פְרוֹי:

-- וָואס טוּהט מֶען? וִוי אַזוֹי בַּאוָוארֶענְט מֶען, טָאמֶער חוּ"ש וֶועט טַאקִי דָא זַיין אַ פָּאגְרָאם.

— נוּ, וָואס זְשֶׁע זָארְגְסְט דוּ זִיךְ אַזוֹי? עֶס אִיז אַוַדַאי אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִי בִּידְנֶע יוּדֶען, נוּר וָואס קֶענֶען מִיר הֶעלְפֶען? זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין גֶעבִּיךְ אַזַא פִינְסְטֶערֶע מַזָל אוּמֶעטוּם הָאט מֶען זֵיי פַיינְד, אוּמֶעטוּם טְרַייבְּט מֶען אוּנ מֶען שְׁלָאגְט זֵיי.

— יָא... נוּר נִיט דָאס פְרֶעג אִיךְ דִיךְ... אִיךְ פְרֶעג דִיךְ וָואס טוּהט מֶען, וָואס זָאלֶען מִיר זֶעהן עֶפִּיס טוּהן.

— מִיר? וָואס קֶענֶען מִיר טוּהן? הָאט דִי פְרוֹי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ גֶעוְואוּנְדֶערְט זִיךְ וִוי אִיהר יַאקָאבּ פְרֶעגְט זִי עֶפִּיס אִיבֶּער דְרַיי מָאל אֵיין זַאךְ, פּוּנְקְט וִוי עֶר פַארְשְׁטֶעהט זִי נִיט.

— אִיךְ מֵיין מִיר הָאבֶּען ב"ה עֶפִּיס אוֹיךְ אַ הוֹיז מִיט בַּעֲלֵי בַּתִּישְׁקֵייט גְלַייךְ וִוי אַללֶע יוּדֶען אוּנ נָאךְ אֶפְשַׁר אַבִּיסֶל מֶעהר

זַיין פְרוֹי אִיז אַבִּיסֶעלֶע בְּלַאס גֶעוָוארן.

— מִיר?... מִיר?... וָואס גֶעהֶער זִיךְ אָן צוּ אוּנְז? וֶוער וֶועט אוּנְז טְשֶׁעפֶּען? עֶס נָוארְף אַוֶועק דַיינֶע נַארִישְׁקַייטֶען וָואס דִיר חָלוֹם'ט זִיךְ דָארְט.

– מײן לֶעבֶּען ! פַארגֶעס נִיט אַז מִיר זֶענֶען אױך יוּדֶען . . .

– נוּ ? אִיךְ װײס, אִיךְ װײס אַז מִיר זֶענֶען יוּדֶען, װָאס זֶשֶע גֶעהֶער זִיךְ אָן פָּאגְרָא־מֶען צוּ אוּנְז ? זֶענֶען מִיר דֶען אַזױנֶע יוּדֶען ? װֶער קֶען אוּנְז דֶען פַאר יוּדֶען, פַאר װָאס קוּמְט אוּנְז פָּאגְרָאמֶען ? . . .

– בִּיזְט בְּוַדַאי גֶערֶעכְט מײן טְהַײעֶרֶע, נוּר אױף אַזױנֶע זַאכֶען פְּרֶעגְט מֶען נִיט קײן קַשְׁיוֹת, זֶעהסְט דָאךְ אַז אוּנְזֶער בֶּעסְטֶער פְרַײנְד אִין י. . . דָאקְטָאר נ ײ נ ג ו ע־ל י נ א ו ו און אִין ב. . . דֶער פְּרִיסַאוְשְׁנִי פָּאוֶערֶענִי ק ל ו י ז נ ע ר א ו ו מִיט דֶעם אִינְזְשֶענֶער שׁ מ ו א ל ע ו ו י ט ש, אױךְ נָאחִימָאװ, רַאבִּינָאװ, חַאצְקֶעלָאװ און נָאךְ אַזױנֶע װָאס הָאבֶּען זִיךְ מִיט יוּדֶען קײן מָאל נִיט אָנגֶעהֶערְט און עֶס אִיז גָאר נִיט צוּ דֶערְקֶענֶען אַז זײ זֶענֶען יוּדֶען, הָאבֶּען דִי פָּאגְרָאמָאשְׁטְשִׁיקֶעס עֶרְשְׁט יֶענֶע װאךְ זײ אַלֶּע בִּכְלַל הַדַל גֶעשְׁטֶעלְט אַז זײ װַאלְגֶערן זִיךְ אִיצְט מִיט װײב און קִינְדֶער אִין דִי פַּאלַאטְקֶעס גְלַײךְ מִיט אַלֶּע ....

דִי מַאדַאם הָאט זִיךְ אָנגֶעחַאפְּט בײם קָאפּ פַאר גְרױס שְׁרֶעק פוּן דֶעם נַײעֶס און אִיז װײס גֶעװָארן װִי דִי װַאנְד .

– עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ װָאס עֶס קוּמְט פָאר ! קְטַײטְשׁ : שְׁמוּאֶלֶעוִויטְשׁ, רַאבִּינָאװ, חַאצְקֶעלָאװ און קְלױזְנֶערָאװ לִיגֶען אִין פַאלַאטְקֶעס !.. זײ אױך, פַאר װָאס ? סְטַײטְשׁ מִיט װָאס זֶענֶען זײ שוּלְדִיג ? דַאכְט זִיךְ . . . דַאכְט זִיךְ . . . אַזױנֶע אִינְטֶעלִיגֶענְטֶע פָאלְקָאמֶענֶע אַײרָאפֶּאאִישֶׁע מֶענְשֶׁען אִים פָאללֶען זִינֶע דֶעם װָארְטֶעס . . . סְטַײטְשׁ שְׁמוּאֶלֶעוִויטְשׁ ! זַײן מַאדַאם קֶען אֲפִילוּ אײן יוּדִישׁ נִיט רֶעדֶען, זַײנֶע קִינְדֶער װײסֶען אֲפִילוּ נִיט צוּ זײ זֶענֶען יוּדֶען, צוּם בְּרִית הָאבֶּען זײ אֲפִילוּ דֶעם יוּדִישֶׁען מִנְהָג אױסגֶעפֶעהלְט, שְׁמוּאֶלֶעוִויטְשׁ הָאט גֶעפוּנֶען אַז דֶער אַזְיַאטִישֶׁער מִנְהָג אִיז זֶעהר שֶׁעדְלִיךְ פַאר זַײנֶע קִינְדֶער, און אִיצְטֶער, אָ ! . . עֶס אִיז גָאר נִישְׁט צוּ גְלױבֶּען ! דִי מַאדַאם שׁ מ ו א ל ע ו ו י ט ש מִיט דֶעם גָאלְדֶענֶעם סַ א שֶׁ ע מִיט דֶעם זִיסֶען קִינְד מַ א שֶׁ ע אִין פַאלַאטְקֶע װִי אַלֶּע אָרִימֶע !..

– נוּר מײן טְהַײעֶרֶע, װָאס רִיהרְסְט דוּ זִיךְ אַזױ דָאס הַארְץ ...

– לָאז מִיךְ, סַײדֶען אִין דִיר לִיגְט אַ שְׁטֵיין נִיט קײן הַארְץ, װִי אִיז דָאס נִיט הִימֶעלשְׁרַײעֶנְד !.. נָאחִימָאװ, קְלױזְנֶערָאװ ...

– נוּר, לִיעבֶּע, װָאס װֶעסְט דוּ הֶעלְפֶען מִיט דַײן שְׁרַײעֶן און װײנֶען, עֶס אִיז אײן אוּמְגְלִיק אױף אַלֶּע, אִיךְ דֶערְצֶעהל עֶס דִיר נוּר דוּ זָאלְסְט װיסֶען אַז אַלֶעס אִיז אֱמֶת, קײן קַשְׁיוֹת הָאט מֶען דָא נִיט װָאס צוּ פְרֶעגֶען. דֶערװײל דַארְף יֶעדֶער זֶעהן זִיךְ בַּאװָארֶענֶען, בִּיז עֶס װֶעט אִיבֶּערגֶעהן דָאס אוּמגְלִיק, און דְרוּם פְרֶעג אִיךְ דִיךְ װָאס זָאלֶען מִיר טוּהן ?

– װָאס זָאלֶען מִיר טוּהן, אִיךְ װײס, פוּן װַאנֶען זָאל אִיךְ װיסֶען ? גֶעה צוּ דִי הִיגֶע יוּדֶען און זֶעה װָאס טוּהֶען זײ

– אָט אַז מֶען פְרֶעגְט אַ װײב אִיז שְׁטֶענְדִיג גוּט, עֶס אִיז אֶפְשַׁר אַ גְלַײבֶער פְּלַאן אִיךְ װֶעל טַאקִי גֶעהן .

עֶס אִיז דָא אַ סַךְ אַזוֹינֶע וָואס לַאבֶּען אוּנ שְׁפֶּעטֶען שְׁטֶענְדִיג פוּן גוּטֶע יוּדֶען פוּן בַּעֲלֵי שֵׁמוֹת, אוּנ נָאךְ פוּן אַזוֹינֶע לַייט, אוּנ וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ זַיי אֵיין אוּמגְלִיק אוּנ מֶען דֶערצֶאהלְט זַיי וִוי גוּטֶע יוּדֶען הֶעלְפֶען, גֶעהֶען זַיי טַאקִי אַלֵיין בֶּעטֶען הִילְף בַּיי דֶעם גוּטֶען יוּדֶען אָדֶער צוּם כִּישׁוּף-מַאכֶער פוּן וֶועלְכֶען זַיי הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעלַאכְט.

אַז מֶען וִויל קֶען מֶען אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען אִין דֶעם נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען; דֶער מֶענְשׁ אִיז אַזָא שְׁוַואךְ בַּאשֶׁעפֶּענִישׁ, אַז נָאךְ זַיין גְרוֹיסֶער חָכְמָה, וִוי אִיהם טְרֶעפְט נוּר אֵיין אוּמגְלִיק, פַארלִיעֶרְט עֶר דִי גַאנְצֶע חָכְמָה אוּנ אִיז גְרֵייט צוּ פָאלְגֶען אַ קְלֵיין נַארִישׁ קִינְד...

יַאקָאב אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען „צוּ דִי יוּדֶען" פְרֶעגֶען אֵיין עֵצָה „וָואס טוּהט מֶען?".

צוּ דִי יוּדֶען אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען, פוּן וֶועלְכֶע עֶר פְלֶעגְט פְרִיהֶער אַנְטְלוֹיפֶען, מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט אָנְגֶעקֶעהרְט אוּנ פְלֶעגְט אָפְט נָאךְ לַאבֶּען פוּן זַיי...

לֶעזֶער! שׁוּלְדִיגְט נִיט יַאקָאבְ'ן, לָאז גָאטט אַייךְ אוּנ יֶעדֶען מֶענְשֶׁען אָבְּהִיטֶען אִין אֵיין אוּמגְלִיק זִיךְ צוּ גֶעפִינֶען...

שְׁפֶּעט נָאךְ הַאלְבֶּער נַאכְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַהֵיים פוּן „דִי יוּדֶען"; זַיין פְרוֹי הָאט זִיךְ דִי נַאכְט נִיט גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען אוּנ מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְוַוארְטֶעט זַיין קוּמֶען.

– נוּ, וָואס הֶערְט זִיךְ, וואוּ בִּיזְט דוּ אַזוֹי לַאנְג פַארפַאלֶען גֶעוָוארן? הָאט זִי אִיהם גֶעפְרֶעגְט. אִיךְ הָאב שׁוֹין אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס אִיבֶּערצוּטְרַאכְטֶען.

– בַּיי דִי יוּדֶען בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען, אוּנ הָאב זִיךְ קוֹים אוֹיסגֶערִיסֶען פוּן זַיי.

– נוּ, וָואס זָשֶׁע הָאבֶּען זַיי דִיךְ גֶערָאטְהֶען? וָואס הָאבֶּען זַיי גֶעזָאגְט? וָואס הָאבֶּען זַיי דִיר גֶעהֵייסֶען טוּהן?

– וָואס זַיי הָאבֶּען מִיךְ גֶערָאטְהֶען, פְרֶעגְסְט דוּ? אָט וֶועל אִיךְ דִיר דֶערצֶאהלֶען: וִוי אִיךְ גֶעה אַזוֹי טְרַאכְט אִיךְ מִיר, וואוּ הוֹיבְּט מֶען אָן צוּ גֶעהְן, וִוי זָאל אִיךְ פְרִיהֶער גֶעהְן, אִיךְ וֶועל פְרִיהֶער אַרַיין גֶעהְן צוּם רָב, דָארְט וֶועל אִיךְ זִיךְ גֶעווִיס דֶערוִויסֶען וואוּ דִי יוּדֶען נֶעמֶען זִיךְ צוּנוֹיף, אוּנ אִיךְ הָאב גֶעוָואלְט דוּרְכגֶעהְן דֶעם מַארְק-פְּלַאץ; עֶס אִיז אָבֶּער נִיט מֶעגְלִיךְ, דֶער גַאנְצֶער פְּלַאץ אִיז פַארְפְּלֵייצְט מִיט יוּדֶען מִיט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, אַלְטֶע אוּנ יוּנְגֶע; הָאב אִיךְ שׁוֹין פַארשְׁטַאנֶען אַז דָא קֶען מֶען פְרֶעגֶען אֵיין עֵצָה. אִיךְ הָאב נִיט אוֹיסְפֶּעיֶעט צוּגֶעהְן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִי עֶלְטְסְטֶע שֶׁאַנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָתִּים, הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע יוּדֶען אַרוּמגֶערִינְגֶעלְט מִיט גְרוֹיס פְרֵייד, דִי יוּגֶען הָאבֶּען גֶערֶעדט אוּנ וַוייבֶּער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֵויינֶען:

– דֶער לִיעבֶּער פַּאנִי יַאקָאב אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְז אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען; וֶוען עֶס אִיז אַ צָרָה אוֹיף יוּדֶען הָאט עֶר זִיךְ דֶערמַאנְט אִין אוּנְז, מֶען קֶען קֵיין יוּדִישֶׁע נְשָׁמָה נִיט שַׁאצֶען.

– עֶס הָאט זִיךְ אִין דֶעם הֶערר יַאקָאב דֶערוֶועקְט דָאס יוּדִישֶׁע הַאַרְץ, וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ צָרָה אוֹיף יוּדֶען.

– רַאטֶעוֶועט אוּנְז מִיט דִי מַאנֶען אוּנ קִינְדֶער.

– גִיט אוּנְז עֶפִּיס אֵיין עֵצָה צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען גְזַר דִין פוּן גָאטט, מֶען זָאל אוּנְז

אונזערע טאכטער, אונזערע היילִיגע סְפָרִים פון די שולען און בָּתֵּי מִדְרָשִׁים ניט פארשעמען. —

און נאך אַזוינע הונדערטער קולות האב איך געהערט פון אַללע זייטען זיך ווענדען צו מיר.

— וואס זשע קען איך אייך טוהן ליעבע יודען? האב איך זיי געפרעגט.

— וואס הייסט וואס? איהר זענט זיך ב"ה ניט אַזאַ פּראָסטער יוד ווי מיר, וואס דער קאפּ איז אונז שטענדיג פאַרשלאָגען מיט דער וויסטער פּרנסה, איהר זענט זיך אַ יוד פון דער היינטיגער וועלט, איהר פאַרגעהט זיך מיט גרויסע שׂרָרים און גרויסע לייט, איהר זענט ביי זיי אַ חשוב, איהר זענט אַ גוטער מליץ פאר יודען, מיר זעהען דאך אַז זיי באַגעהען זיך מיט אייך ווי מיט זייערס גלייכען, איהר זענט מיט זיי אויף ..פּאַני בראַטיע", וואס זשע זאָלען מיר טוהן? גיט אונז איין עצה, האט רַחֲמָנוּת אויף אונזערע ווייב און קינדער. מען זאגט אַז היינטיגען זונטאג וועט זיין אַ פּאָגראָם, ערשט ניט לאנג איז אין ב... געוועזען אַ פּאָגראָם. מען זאגט אַז די ב—ר פּאָגראָמשטשיקעס געהען צו אונז, זיי זענען שוין אונטער דער שטאָדט, האט רַחֲמָנוּת אויף אונז, ליעבער פּאַני יאַקאָב, איהר ווייסט פּאָרט מעהר וואס צו טוהן ווי מיר, בלינדע.

— דער קאפּ האט זיך מיר פאַרטומעלט, האט יאַקאָב ווייטער דערצעהלט זיין פרוי — איך האב גאר ניט געוואוסט וואס צו טוהן צו זאל איך קוקען אויף די אומגליקליבע פאַרזאָרגטע, צו זאל איך זיי זאגען עפּיס, צו טרייסטען, אָדער עפּיס איין עצה געבען, מיר האט שוין באַנג געטוהן וואס איך בין געקומען און דא האב איך געהערט ווי מען לויבט מיך פון אַללע זייטען: „פּאָרט אַ יוד פּאַני יאַקאָב, קיין מאָל קעהרט ער זיך ניט אָן מיט קיין יודען, ער קומט אֲפִילוּ ניט אין קיין יודישער שול און איצטער... איצטער ווען עס איז געקומען אַ גרויסע צָרָה אויף יודען איז ער געקומען לאָז איהם גאָטט באַצאָהלען פאר זיין גוטמֶקֵייט, לאָז ער האבען איבער הונדערט און צוואַנציג יאהר דעם גן עדן". עס האט מיך אָנגענומען אַ גרויס רַחֲמָנוּת אויף זיי און איך בין געשטאַנען.

די מאַדאַם האט זיך צווויינט:

— וואס זשע האסט דו זיי געענטפערט די אומגליקליכע?

— וואס איך האב זיי געענטפערט, איך האב זיי געפרעגט וואס טוהט איהר דער־ווייל? צו וואס האט איהר זיך דא צוזאַמענגעקליבען דא אויף דעם פּלאַץ? דער קאפּ האט זיך מיר פאַרדרעהט, דאס האַרץ האט מיר געדריקט, און אין די אויגען איז מיר געוואָרען פינסטער איך האב קוים געענטפערט: וואַרט צו אַביסל איך וועל באַלד קומען מעל איך אייך זאגען, מען האט מיר געמאכט אַ וועג און איך האב זיך דורכגע־שלאָגען אַהיים.

— נו וואס זשע? האט די מאַדאַם געפרעגט פאַרוואונדערט:

— וואס פרעגסט דו מיך? איך ווייס ניט, עס דריקט מיך זעהר אין האַרצען, איך וויל וויינען ... דער קאפּ ברעכט מיר ...

– נור יַאקאב, האָט די מַאדאַם גֶעזאָגט אין גרויס שׁרֶעקֶעניש, די אומגלִיקלִיכֶע וַוארטֶען דאָרט אויף דיין עֶנטפֶער, ווי האָבֶען ...

– יאָ לאָמיר גֶעהן, טאָמער וועלֶען מיר ווי בּיידֶע צוזאַמֶען עֶפּיס קֶענֶען זאָגֶען, ווען די אומגלִיקלִיכֶע האָפֶען יאָ אויף אונז ...

* *

אַ זוּמֶערדיגֶע וואַרעמֶע נאַכט, צוועלף בּאַנאַכט, דער הימֶעל איז אויף אייניגֶע אָרטֶער פַארוואלְקֶענט און אויף אייניגֶע שׁטיקלֶעך לויטֶער, די לְבָנָה בֶּעהאַלט זיך אויף עֶטלִיכֶע מינוט און בּאַווייזט זיך אויף אַ מינוט. אין אַלֶע הייזֶער איז ליכטיג אֲפִילוּ בּיים גרֶעסטֶען אָרימאַן וואָס אין אַ זוּמֶערדיגֶער נאַכט בּרֶענט אַ ליכט פון שַׁבָּת צו שַׁבָּת, האָט איצט אויך אָנגֶעצינדֶען אַ קאַניץ, חאָטש עֶס איז איצט ניט שַׁבָּת און אֲפִילוּ ניט יום טוב.

אין קיין איינציגֶער יודישֶער שׁטוּב וועט איהר ניט גֶעפינֶען אַ לֶעבֶּעדיגֶען מֶענשֶׁען, סיידין אֶפְשַׁר אַ קְרַאנְקֶען אָדער אַ קימפֶּעטאָרין און ווייטער איז אומעטום פּוּסטֶע, אַלֶעס פון די וואַנד, פון די שׁאַפֶעס פון די קאַמאָדען אַרויסגֶענוּמֶען, אייגֶעפּאַקֶעוועט אין קלומקֶעס און אין קאַסטֶענס, דאָס אַלֶעס שׁטֶעהט אין מיטֶען שׁטוּב, קיינֶער גֶעפינט זיך ניט גֶעבֶּען די זאַכֶען, סיידֶען די שׁטוּב קאַץ גֶעהט אַרום שׁטיל אין דער שׁטילֶער נאַכט פון איין קלומֶעק צום אַנדֶערן און שׁמֶעקט און לֶעקט און וואונדֶערט זיך זֶעהר וואָס קומט דאָ פָאַר אַזוינס; זי ווייסט וואָהל אַז תָּמִיד אין דער צייט ליגט זי שׁוין אויף דעם וואַרעמֶען אויוועֶן און קוקט וואו האָט עֶרגיץ די קעכין אָדער די בַּעֲלַת־הַבַּיִת'טֶע פַארגֶעסֶען צו פַאר־דעקֶען און פַארשׁליסֶען, דערנאָך אַז זי פַארזוּכט שׁוין פון אַלֶעס וואַרפט זי אַוועק דעם וואַרעמֶען אויוועֶן און גֶעהט זיך אַוועק אין דעם וואַרעמֶען בֶּעטעל וואו קינדֶער שׁלאָפֶען, דאָרטֶען וויקֶעלט זי זיך אויך איין אין דער קאָלדרֶע און עֶס איז איהר אַזוי ליעב ווען די קינדֶער אין שׁלאָף נֶעמֶען זי אַרום מיט די וואַרעמֶע הֶענדלֶעך, און איצטֶער קוקט זי אַזוי טרויעֶריג אויף אַלֶעס. אַלֶעס איז אָפֶען און ניט פַארשׁלאָסֶען, אֲפִילוּ דאָס שׁאַפקֶעלֶע, וואו דאָס שׁמאַלץ מיט די פּוּטער שׁטֶעהען שׁטֶענדיג צו וועלכֶער זי האָט שׁטֶענדיג זֶעהר גֶעוואָלט זיך אַריין חאַפֶּען און ניט גֶעקֶענט, שׁטֶענדיג עֶרוואַרטֶעט, די קעכין זאָל פַאר־גֶעסֶען צו פַארשׁליסֶען און עֶס האָט זיך וועלטֶען גֶעטראָפֶען אַזאַ צוּפאַלל; פון דעם טייערן שׁאַפקֶעלֶע זֶענֶען איצטער בּיידֶע טירלֶעך אָפֶען, נור עֶס איז דאָרט גאָר ניט דאָ.. אַלֶעס, אַלֶעס איז אָפֶען, אַלֶע טאָפּ און טאָפּלֶעך זֶענֶען אויפגֶעדֶעקט, נור עֶס איז גאָר ניט דאָ... אֲפִילוּ אַ לֶעק קֶען מֶען ניט טוהן, עֶס איז אומעטום אויסגֶעטריקֶענט... דער אויוועֶן איז אויך ניט וואַרעם, מֶען האָט שׁוין לאַנג ניט גֶעהייצט, אין דעם קינדֶערישֶׁען בּעטעל איז אויך קאַלט, ניט דאָ קיין ווייכֶע קישֶען, קיין קאָלדרֶע, ניט דאָ קיין וואַרימֶע קינדֶערישֶׁע הֶענדליך וואָס זי האָט אַזוי ליעב מֶען זאָל זי גלֶעטֶען; אֲפִילוּ די לאַנדשַׁאפט פון דער וואַנד מיט דעם האָן וואָס איז דאָרט אויסגֶעמאָלט און פלֶעגט זי אָפטמאָל פרֶעהליך מאַכֶען און שׁפּרינגֶען אויף דער וואַנד, איז איצטער אויך ניט דאָ...

טרויעֶריג און פּוּסטֶע וואו מֶען קוקט זיך נור אַרום!...

און זי דרעהט זיך ארום איצטער אזוי טרויעריג מיט שטילע טריט אין דער פוסטער שטוב פון איין קלומעקעל צום אנדערן און שמעקט און לעקט, טאמער וועט זי דורך דעם געוואהר ווערען וואס איז דא אזוינס שרעקליכעס געשעהן?

עס איז שרעקליך די שווערע נאכט וואס יודען האבען איבערגעלעבט אין א שווערען דרומעל. געוואכט און טויזענד מאל אין א מינוט זיך ארומגעקוקט אויף אללע זייטען — פון ווערכער זייט וועלען אנקומען די פאגראזמשטשיקעס?

אללע וואס האבען שוין אוספעיעט איינפאקעווען זייערע זאכען און בעהאלטען וואס מען קען נור באהאלטען, האבען מיט ווייב און קינדער געוואכט אויף דער גאס, און די וואס האבען ניט אוספעיעט ליגען איצט אין די פארדומפעטע קעלערס, מען גראבט גריבער און מען פארגראבט און מען פארשטעקט זייער ביסעל פארמעגען, און ווען מען ענדיגט די ארבייט געהט מען ניט אריין אין שטוב זיך אברוהען, [illegible] געהט גלייך אויף דער גאס וואכען גלייך מיט אללע יודען.

ווייבער, קליינע קינדער און אלטע שוואכע יודען האבען זיך צוגעשפארט אויף די פריזבעס און דרימלען. ביי יעדען גערויש עפענען זיי זייערע שוואכע אויגען און פרעגען:

— וואס הערט זיך עפים יודישע קינדער?

— עס איז נאך שטיל, מען הערט נאך גאר ניט... ענטווערן הונדערטער קולות פון די מאנסבילען וואס געהען ארום מיט דרימעס און בולאוועס איבער די גאסען און היטען די שטאדט.

— געלויבט איז גאטט!

— געלויבט איז זיין נאמען!

— געבענשט איז דער אויבערשטער!

ענטווערן די אללע וואס זענען אנגעשפארט אויף די פריזבעס און ווערען ווייטער אנדרימעלט אויף א מינוט.

אין אללע גאסען איז א גרויסער רעש פון דעם געהן, פון דעם רעדען דער שטויב פון אונטער די פים געהט ביז אין הימעל, כמעט אללע שעה לאזען זיך ארום די צוטהיילטע קאמפאניעס פון די גאסען און געסלעך, אללע קומען זיך צונאמען אויף דעם מארק־פלאץ, אויף עטליכע מינוט ווערד פון אללע איין גרויסע קאמפאניע, מען פרעגט זיך איבער: וואס הערט זיך? „צי עס איז שטיל"? „וועהט מען גאר ניט?" „געלויבט איז גאטט"! ענטווערט מען, מען פאררויכערט איינער ביים אנדערן א לולקע, א פאפיראס, איינער האפט דערוויל איבער א שטיקעל ברויט מיט א שטיקעל הערינג וואס מען שלעפט ארוים פון קעשענע, און די גרויסע קאמפאניע ווערד ווייטער אויף א שעה צוטהיילט אויף קליינע און מען צוגעהט זיך אין די פערשידענע גאסען און געסלעך.

אז יאקאב באריסאוויטש איז פלוצים געקומען אויף דעם יודישען מארק־פלאץ, האט זיך די גרויסע קאמפאניע מעהר ניט צוטהיילט, די אלטע לייט און די ווייבער האבען

זיך פון זייערע האַרטע פּריזבעס אויפגעהאַפּט און מיט גרוים אונגערולד געוואַרט ביז ער וועט קומען .

– ער האָט געזאָגט אַז ער וועט באַלד קומען .

– דאָס איז עפּיס ניט קיין פּוסטע זאַך .

– ער איז באַקאַנט מיט די גרעסטע לייט .

– ער קען פיעל טובות טוהן פאַר כּל ישׂראל .

און נאָך אַזוינע קולות מיט גוטער האָפנונג האָבען זיך געהערט פון טויזענדער מיילער . פּלוצים איז די פרייד נאָך גרעסער געוואָרן , די קולות נאָך העכער

– די מאַדאַם אַליין געהט , לאָזט ! לאָזט !

– דער הערר געהט אויך מיט איהר , לאָזט ! לאָזט !

אין איין מינוט איז דער הערר מיט דער מאַדאַם אויסגעקומען אין מיטען צווישען אַ גרויסען עולם , נאָהנטער צו זיי זענען געשטאַנען אַלטע לייט , דערנאָך מיטעלע , יונגע לייט א. ז. וו.

– די ווייבער האָבען דאָס ערשטע וואָרט קיינעם פון די מאַנסבילען ניט געלאָזט אויסרעדען און האָבען זיך באַלד צווויינט :

– ליעבע מאַדאַם , האָט רחמנות אויף אונז , מיר זענען אַזוי אומגליקליך , וואָס וועלען מיר טוהן מיט אונזערע קינדער ... די עלטערע מענשען האָבען אָנגעהויבען איינשטילען די ווייבער , נור פיעל האָט ניט געהאָלפען , פּלוצים איז געוואָרן אַביסל שטילער , צווישען דעם עולם האָט זיך אָנגעהויבען הערען : „ר' אַברהם'משע געהט !“ און אין איין מינוט האָט זיך צווישען דעם עולם דורכגעשניטען אַ ברייטע סטעטשקע אויף וועלכער עס איז געגאַנגען טריט ביי טריט איין אַלטער יוד פון אַ יאָהר פינף און זיבעציג מיט אַ גרויסער באָרד מיט אַ ווייסען קאָפּ ווי דער ווייסער געפאַלענער שנעע . פון דעסטוועגען איז ער נאָך געגאַנגען גלייך , נור מינוטענווייז דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט , זיין ווייסע באָרד און פאות , זיין זילבערנער קאָפּ האָט עפּיס געפּאַסט צו זיין אַלטקייט און צוגעגעבען אַ בעזונדערע שאָנקייט און ליעבשאַפט . ער איז צוגעקומען צו דעם אָרט וואו דער הערר מיט דער מאַדאַם זענען געשטאַנען , אין דער רעכטער האַנד האָט ער געהאַלטען זיין לאַנגען שטעקען מיט דער ווייסער גאַלקע און אין דער לינקער אַ בולאָווע , ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם שטעקען , נור באַלד האָט מען אונטערגעטראָגען אַ בענקעל .

– איך דאַנק , אַ יוד קען אפילו הייגיז שטעהן . נור כּל זמן מען לאָזט זיצען דעם יודען , וועל איך זיך דערוויל אַנידערזעצען

אויף אַלעמען האָט זיך געוויזען אַ זיסע שמייכעל , דען ווער עס האָט „ר' אַברהם משע“ געהערט רעדען , האָט געמוזט מיט פערגניגען שמייכלען , אַז ער טרויריג וועגען און זיך פאַרטראַכטען . – „ר' אַברהם'משע רעדט שטענדיג קלוג אַז עס איז אַ מחיה נפשות צו הערען“ – פלעגען אפילו ווייבער זאָגען און ווען ער פלעגט רעדען פלעגען זיי אַנטשווייגען ווערען .

– לָאז מֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ רֶעדֶען אוּנ שְׁרַייֶען , הָאט ר׳ אַבְרָהָם׳טְשֶׁע גֶעזָאגְט .

– ר׳ אַבְרָהָם׳טְשֶׁע הייסְט עֶס זָאל שְׁטִיל וֶוערֶען , הָאט מֶען זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּער־שְׁרַייֶען בִּיז עֶס אִיז אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁטִיל גֶעוָוארן .

ר׳ אַבְרָהָם׳טְשֶׁע הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע פֶערוואַקְסֶענֶע בְּרֶעמֶען אַ קוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף אַלֶעמֶען . דִי וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען נָאהנְט נֶעבֶּען אִיהם הָאבֶּען גֶעזֶעהן – וֶוען דִי לְבָנָה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אַ שְׁטִיקֶעל חְמַארֶע – וִוי פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען קַאטְשֶׁען זִיךְ טְרֶעהרֶען , וִוי פוּן אַיין אַלְטֶען פַארוואַקְסֶענֶעם בּוֹים דִי רָאסֶע (טהוי) וֶוען דִי פְרִיהמָארְגֶענ־דִיגֶע זוּנן וַוארֶעמְט .

– לָאזְט מִיךְ אוֹיסְווישֶׁען מַיינֶע טְרֶעהרֶען , הָאט ר׳ אַבְרָהָם׳טְשֶׁע אָנְגֶעהוֹיבֶּען , אִיךְ וויין אִיצְטֶער , קִינְדֶער , נִיט פוּן קֵיין צָרוֹת נוּר פוּן פְרַייד , מַיין אַלְט פַּארטְרִיקֶענְט הַארֶץ הָאט זִיךְ אִין מִיר דֶערוַוארֶעמְט , הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן מִיר גִיסֶען טְרֶעהרֶען פַאר פְרַייד – אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען אַנגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף דֶער פְּרִיזְבֶּע נֶעבֶּען מַיין שְׁטִיבּ , אוּנ הַאלְט פַארמַאכְט דִי אוֹיגֶען , אִיךְ דְרִימֶעל , אִיךְ הֶער אַ גְרוֹיס גֶערוֹיש . אִיךְ אֶפֶען דִי אוֹיגֶען אוּנ פְרֶעג : וָואס הֶערְט זִיךְ דָארְט וָואס דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם שְׁטֶעהט שׁוֹין אַזוֹי לַאנְג אוֹיף אַיין אָרְט , פַאר וָואס גֶעהט מֶען נִיט אַרוּם אִין דִי גַאסֶען ? אוּנ מֶען דֶערצֶעהלְט מִיר : אַז אִיהר , לִיעבֶּער יוּנְגֶער הֶערר , זֶענְט צוּ אוּנז גֶעקוּמֶען , אִיהר וָואס הָאט קֵיין מָאל פוּן אוּנז יוּדֶען נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען , אִין אוּנזֶער שׁוּל נִיט גֶעקוּמֶען , זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיצְטֶער אִין אַזַא צַייט , אִין אַזַא נוֹיט , אִין אַזַא צָרָה אוֹיף יוּדֶען . וִוי זָאל מַיין אַלְט הַארֶץ נִיט יוּנְגֶער אוּנ וַוארֶעם וֶוערֶען , וֶוען אִיךְ זֶעה דָאס אוֹיף דֶער עֶלְטֶער , וֶוען אִיךְ זֶעה וִוי מַיינֶע זִיהן אוּנ אֵיינִיקְלֶעךְ , הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעפָאלְגְט דֶעם טַאטֶען אוּנ זִיךְ גֶעגַאנְגֶען אִין אַ נַייֶעם וֶועג , אִיךְ הָאבּ בַּאדַארְפְט צוּזֶעהן וִוי זַיי זֶענֶען יוּדֶען אוּנ פִיהרֶען זִיךְ נִיט יוּדִישׁ אִיךְ פְלֶעג יֶעדֶען טָאג עֶלטֶער וֶוערֶען אוֹיף אַ יָאהר וֶוען עֶס פְלֶעגְט מִיר אוֹיפְקוּמֶען דֶער גֶעדַאנְקֶען : טָאטֶער זֶענֶען מַיינֶע קִינְדֶער שׁוֹין קֵיין יוּדֶען נִיט , טָאטֶער אִיז שׁוֹין נִיט דָא בַּיי זַיי דָאס „יוּדִישֶׁע הַארְץ״ דֶער „יוּדִישֶׁער פוּנְק״ , דָאס „פִּינְטֶעלֶע יוּד״ , אַי וָואס רוּפֶען זַיי זִיךְ „אָן יוּדֶען״ , וַוייל זַיי ווִילֶען אַזוֹי שְׁטַארְק נִיט מְצַעֵר זַיין זַייעֶר אַלְטֶען זֵיידֶען וָואס הָאט נִיט לַאנְג צוּ לֶעבֶּען , וָואס הָאט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אוֹיף זַיי גֶעהָארֶעוֶועט ; אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט , נוּר אִיצְטֶער הָאבּ אִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער דֶערלֶעבְּט צוּ זֶעהן וִוי זַיי זֶענֶען בֶּאֱמֶת יוּדֶען . זוּכְט צְווִישֶׁען דֶעם עוֹלָם וֶועט אִיהר זַיי אוֹיךְ גֶעפִינֶען , זַיי וַואבֶּען אוֹיךְ , זַיי דֶערשְׁלָאפֶען אוֹיךְ נִיט , זַיי וַואלְגֶערן זִיךְ גְלַייךְ מִיט אַללֶע יוּדֶען , אוּנ אִיהר מִיט דֶער לִיעבֶּע מַאדַאם זֶענְט צוּ אוּנז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אַרוּם הַאלְבֶּער נַאכְט , אִיהר וַואכְט אוֹיךְ אִיהר וַואלְגֶערְט זִיךְ אוֹיךְ גְלַייךְ מִיט אַללֶע יוּדֶען , הַיינְט וִוי זָאל זִיךְ נִיט דֶערוַוארֶעמֶען מַיין אַלְט קַאלְט הַארְץ אַז דֶער „יוּדִישֶׁער פוּנְק״ אִיז נָאךְ צְווִישֶׁען יוּדֶען נִיט פַארלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען ? וִוי זָאל זִיךְ בַּיי מִיר , פְּרָאסְטֶען יוּדֶען , נִיט דֶערוַוארֶעמֶען דָאס הַארְץ , וִוי זָאלֶען זִיךְ נִיט גִיסֶען פַאר פְרַייד קֵיין טְרֶעהרֶען , וֶוען מֶען זֶעהט אַז דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק וָואס אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערן קְרִיגֶען זִיךְ תָּמִיד אוּנ וֶוערֶען צוּטְהֵיילְט אוֹיף אַלֶערְלֵיי

צְדָדִים נאר וֶוען עֶס קוּמְט אַ צָרָה וֶוערְד פוּן אַללֶע אֵיין פָאלְק יוּדֶען מִיט אֵיין דֵעָה ווִי אֵיין מֶענְשׁ ! לָאזְט מִיךְ אוֹיסְווִישֶׁען מַיינֶע טְרֶעהרֶען .

בְּמֶשֶׁךְ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט גֶעווֵיינְט קוּקֶענְדִיג אוֹיף דֶעם אַלְטֶען , דֶער הֶערר' מִיט דֶער מַאדַאם הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ אִין זַייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט טְרֶעהרֶען .

ר' אַבְרָהָם'טְשֶׁע אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם בֶּענְקֶעל אָנְגֶעשְׁפַּארְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוֹיף דֶער בּוּלַאוֶוע אוּנ אוֹיף דֶעם שְׁטֶעקֶען , אַרָאבְּגֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ אִין דְרַייעֶן , עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּהט ווִי נָאךְ אַ שְׁוֶוערֶער אַרְבֵּייט ; יַאקָאב הָאט טְרוֹירִיג גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם אַלְטֶען יוּדֶען , אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען עֶר זָאל נִיט גֶעבֶּען אַ שְׁמֵייכֶעל וֶוען עֶר הָאט דֶערזֶעהן ווִי דֶער צוּבְּרָאכֶענֶער קְרַאנְקֶער אַלְטֶער יוּד הַאלְט דִי בּוּלַאוֶוע .

– ר' אַבְרָהָם ! הָאט זִיךְ יַאקָאב גֶעוֶוענְדֶעט צוּם אַלְטֶען , עֶס פְרֵייט מִיךְ זֶעהר וָואס אִיךְ זֶעה פַאר זִיךְ אַזַא יוּדֶען , עֶס דַארְף אַוַדַאי יֶעדֶען יוּדֶען פְרֵייעֶן וֶוען אִין אַ צָרָה הָאבֶּען זִיךְ אַללֶע צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען , יֶעדֶער פַארְגֶעסְט זַיינֶע אִינְטֶערֶעסֶען , דִי פְרִיהֶערְדִיגֶע שִׂנְאָה אֵיינֶם צוּם אַנְדֶערְן , מֶען רֶעדְט אוּנ מֶען טְרַאכְט נוּר וָואס זָאל מֶען טוּהן מִיט דֶעם אוּמְגְלִיק וָואס עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל . נָאר נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג קֶען נָאר נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֶעם וָואס דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט יוּדֶען מִיט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער גֶעפִינֶען זִיךְ אִיצְט אוֹיף דֶעם מַארְק-פְּלַאץ אַזוֹי שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט אוּנ שְׁלָאפֶען נִיט אוּנ רוּהֶען נִיט ; פוּן דֶעם וֶועט מֶען צוּ גָאר נִישְׁט קוּמֶען . נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג דַארְפֶען זִיךְ דִי אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים צוּזַאמֶענְקוּמֶען אִין אֵיין הוֹיז , דָארְט קֶען מֶען אִיבֶּערְרֶעדֶען , אִיבֶּערְלֶעגֶען אַ עֵצָה , וָואס מֶען זָאל טוּהן אוּנ אֶפְשַׁר הָאט אִיהר שׁוֹין דָאס גֶעטוּהן , ווָאלְט אִיךְ אוֹיךְ גֶעוָואלְט ווִיסֶען וָואס אִיהר הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען , אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ יוּד , אִיךְ ווִילל אוֹיךְ ווִיסֶען .

– אַייעֶר פְּלַאן , לִיעבֶּער הֶערר , הָאט ר' אַבְרָהָם'טְשֶׁע ווַייטֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ , אַייעֶר פְּלַאן אִיז נוּר גוּט אִין אַ רוּהִיגֶער צַייט , דֶערְנָאכְמָאל אִיז רֶעכְט אַז דִי אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים נֶעמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען אוֹיף אֵיין אֲסִיפָה , מֶען רֶעדְט , מֶען שְׁרַייבְּט , מֶען קְרִיגְט זִיךְ , קוּמְט מֶען צוּ עֶפִּיס אִיז גוּט , וֶוען נִיט אִיז אוֹיךְ קֵיין אוּמְגְלִיק נִיט . אִיצְטֶער אָבֶּער אִיז קֵיין צַייט נִיט דָא אִיבֶּער צוּרֶעדֶען אוּנ אִיבֶּערְצוּשְׁמוּעסֶען , אִיצְטֶער זֶענֶען נִיט דָא קֵיין אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים , אִיצְטֶער זֶענֶען אַללֶע יוּדֶען בַּעֲלֵי בָּתִּים אוּנ יֶעדֶער טְהוּט וָואס עֶר קֶען .

– וָואס'זְשֶׁע טְהוּט אִיהר , קֶען דָאס זַיין אַז דֶערְפוּן וָואס אִיהר דְרֶעהט זִיךְ אַרוּם אַללֶע דִי נֶאכְט אוּנ שְׁלָאפְט נִיט וֶועט עֶפִּיס אַרוֹיסְקוּמֶען .

– גֶעווִיס וֶועט עֶפִּיס אַרוֹיסְקוּמֶען אֵיידֶער גָאר נִיט טוּהן .

– וָואס-זְשֶׁע טוּהט אִיהר ? אִיךְ זֶעה מֶעהר נִיט ווִי מֶען דְרֶעהט זִיךְ אַרוּם פוּן אֵיין עֶק אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן , וַוייבֶּער מִיט קְלֵיינֶע קִינְדֶער וַואלְגֶערְן זִיךְ ;

– אִין אַ גְרוֹיסֶער צָרָה הֵייסְט דָאס אוֹיךְ גֶעטוּהן , יֶעדֶער הָאט פַארְגְרָאבֶּען אוּנ

פַארפַּאקְט זַיין בִּיסל פַארמָאגֶען אונ אִיצְטֶער וַואכְט מֶען טָאמֶער וֶועלֶען אַנקוּמֶען פָּאג-
רָאמְשְׁטְשִׁיקֶעס זָאלֶען וַוייבֶּער מִיט קִינְדֶער קֶענֶען אַנְטְלוֹיפֶען אונ דִי יוּדֶען זָאלֶען דִי פָּאג-
רָאמְשְׁטְשִׁיקֶעס פַארטְרַייבֶּען, זַיי זָאלֶען גָאר נִיט טְשֶׁעפֶּען.

– אויב אַזוֹי דַארְפֶען נור אַרומגעהן מִיט דְרִיקֶעס יוּנְגֶע לַייט, גֶעזוּנְדֶע מֶענְשֶׁען, אָבֶער וָואס טוּעֶען אַלְטֶע? נוּ, אִיךְ פְרֶעג אַייךְ וָואס פַאר אַ נוּצֶען קֶענְט אִיהר, אַלְטֶער קְרַאנְקֶער, ר' אַבְרָהָם טהוּן מִיט אַייעֶר בוּלַאוֶוע? אִיהר דַארְפְט אִיצְטֶער זִיךְ אָבּרוּהֶען.

– אִיהר זֶענְט אֲפִילוּ גֶערֶעכְט, קַיינֶער הָאט מִיךְ נִיט גֶעבֶּעטֶען אִיךְ זָאל נֶעמֶען אַ בוּלַאוֶוע אונ וַואכֶען, קַיינֶער פָאדֶערְט נִיט פוּן מִיר קַיין נוּצֶען, נור לִיעבֶּער יוּנְגֶער הֶערר, אֶמֶת אִיךְ בִּין אַלְט אונ קְרַאנְק אונ קֶען קַיין נוּצֶען נִיט בְּרֶענְגֶען, אָבֶער אַ יוּד בִּין אִיךְ, וִוי אַזוֹי זָשֶׁע קֶען אִיךְ אִין אַזַא צַייט לִיגֶען רוּהִיג... וִוי קֶען אִיצְטֶער אַ יוּד זִיצֶען רוּהִיג וִוי אִיהר זָאגְט! אָט זֶענְט אִיהר מִיט אַייעֶר לִיעבֶּער מַאדַאם אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּ אוּנְז.

– אִיהר הָאט רֶעכְט, לִיעבֶּער ר' אַבְרָהָם. אִיהר הָאט רֶעכְט, נור וָואס זָאלֶען מִיר פָארְט טהוּן?

– מִיר יוּדֶען וָואס דַארְפֶען צִיטֶערן יֶעדֶע מִינוּט פַאר דֶעם אוּמגְלִיק, קֶענֶען דֶערְ-
וַוייל אַנְדֶערְשׁ נִיט טהוּן וִוי דָאס וָואס מִיר קֶענֶען. אַזַא צָרָה אִיז נִיט אוֹיף אֵייבִּיג, זִי
וֶועט גִיךְ אִיבֶּערְגֶעהן אונ דֶערְנָאךְ, דֶערְנָאךְ וֶועלֶען מִיר זֶעהן עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ צוּ טהוּן.

– נוּ אונ דֶערוַוייל?

– דֶערוַוייל לָאזֶען עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ טהוּן דִי יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט מוֹרָא פַאר
דֶער צָרָה.

– וֶועלְכֶע יוּדֶען מֵיינְט אִיהר? וֶועלְכֶער יוּד הָאט דֶען אִיצְטֶער קַיין מוֹרָא נִיט פַאר
דֶער צָרָה?

– וֶועלְכֶע, פְרֶעגְט אִיהר? אַ סַךְ זֶענֶען דָא אַזוֹינֶע, נוּ דִי רַייכֶע דִי גְרוֹיסֶע יוּדֶען פוּן דִי גְרוֹיסֶע שְׁטָאדט, זַיי זֶענֶען פַארזִיכֶערְט, אֲפִילוּ וֶוען דִי צָרָה וֶועט יָא אוֹיף זַיי קוּמֶען וֶועט מֶען זַיי אָבּהִיטֶען מִיט אַ גַאנְצֶען פָּאלְק סָאלְדַאטֶען, אונ טָאמֶער וֶועט מֶען זַיי יָא צוּבְּרֶעכֶען עֶטְלִיכֶע בֶּענְקֶלֶעךְ, וֶועט זַיי נָאךְ אַ סַךְ אִיבֶּערְבְּלַייבֶּען... מִיר פְּרָאסְטֶע יוּדֶען, בַּעֲלֵי בָּתִּים, גֶעמֵיינֶע לַייט וָואס לֶעבֶּען אַללֶע פוּן שְׁוֶוערֶע יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת אִין דִי יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדט קֶענֶען מֶעהר נִיט טהוּן פוּן דֶעם וָואס אִיז אִין אוּנְזֶער כֹּחַ – דָאס וָואס אִיהר זֶעהט אִיצְטֶער. – אַדְרַבָּה, הָאט ר' אַבְרָהָם'טְשֶׁע וַוייטֶער זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ יַאקָאבּ'ן, טָאמֶער וַוייסְט אִיהר עֶפִּיס? דֶערְצֶעהלְט אוּנְז, זָאגְט, וֶועלֶען מִיר טהוּן, מִיר וַוייסֶען גָאר נִיט וָואס עֶס טהוּט זִיךְ אִין דֶער וֶועלְט, פַארוָואס עֶס אִיז אוֹיף אוּנְז יוּדֶען אַזַא צָרָה גֶעקוּמֶען, מִיר רֶעכֶענֶען אַז עֶס אִיז נור פוּן גָאטט, מִיר וַוייסֶען אַז בַּיי יוּדֶען אִיז נִיט קַיין נַייעֶס אַזוֹינֶע צָרוֹת מִיט שְׁטָאלְץ אִיבֶּערצוּקוּמֶען אונ מִיר הָאפֶען אוֹיךְ... מִיר זֶענֶען אוֹיךְ יוּדֶען וִוי אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן וָואס הָאבֶּען אִין פַארשִׁיעדֶענֶע צַייטֶען אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט נָאךְ עֶרְגֶערֶע אונ שְׁרֶעקְלִיכֶערֶע צָרוֹת אונ אוּמגְלִיקֶען.

יַאקָאב הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, נור „גֶעזִיפְצְט וָואס מֶען זָאל טהוּן?" וִוי ר'

אַבְרָהָם'טְשֶׁע הָאט בַּיי אִיהם גֶעפְרֶעגְט, דֶערְוַוייל הָאט אָנְגֶעהויבֶּען בֶּעגִינֶען אויף טָאג, בַּיי אַללֶע הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק אָנְגֶעהויבֶּען קְלֶעפֶּען דִי אויגֶען.

— „גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט וָואס דִי נַאכְט אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁטִ'יל" — „הַיינְט אִיז נִיט קֵיין מַארְק טָאג, מֶען קֶען זַיין רוּהִיג" הָאט מֶען גֶעהֶערְט צְווִישֶׁען עוֹלָם זָאגֶען אוּנ אַללֶע זֶענֶען זִיךְ גֶענַאנְגֶען אָפּרוּהֶען פוּן דֶער שְׁוֶוערֶער נַאכְט. —

אִין דִי טֶ א ג הָאט גֶעווִיס אוּמִזִיסְט גֶעשַׁיינְט דִי זוּנְן אויף דִי יוּדִישֶׁע שְׁטֶאדט, וָוארוּם דִי טֶ א ג זֶענֶען בַּיי יוּדֶען גֶעוֶועזֶען דִי נֶ א כְ ט אוּנ דִי נֶ א כְ ט נָאךְ עֶרְגֶער פוּן דִי טֶ א ג.

וָואס וַוייטֶער אַ טָאג הָאט זִיךְ מֶעהר גֶעהֶערְט אִין שְׁטָאדט אַז עֶס וֶועט זַיין אַ פָּאגְרָאם, דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעטהוּן וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעטהוּן בִּיז אַהֶער.

יַאקָאב מִיט זַיין מַאדַאם הָאבֶּען זִיךְ אַללֶע מָאל מֶעהר גֶעשְׁרָאקֶען פַאר דִי פָּאגְרָאמֶען אוּנ נָאכְדֶעם גֶעפַאללֶען אויף אַ גְלִיקְלִיכֶער עֵצָה וִוי אִיבֶּערצוּקוּמֶען דִי יוּדִישֶׁע שְׁוֶוערֶע צַייטֶען, יַאקָאב מִיט זַיין גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע זֶענֶען אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען קֵיין אויסלַאנְד בִּ י ז עֶ ס וֶ ו ע ט שְׁ טִ י לֶ ע ר וֶ ו ע רֶ ע ן, וָוארוּם ר' אַבְרָהָם'טְשֶׁע וָואס וַוייזְט אוּיס זֶעהר פַאר אַקְלוּגֶען יוּדֶען הָאט דָאךְ גֶעזָאגְט אַז נִיט אֵייבִּיג וֶועט זַיין אַזוֹי, עֶס וֶועט מוּזֶען שְׁטִילֶער וֶוערֶען. דִי יוּדֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — זֶענֶען שׁוֹין גֶעוָואהְנְט צוּ אַזוֹינֶע צָרוֹת אוּנ קוּמֶען זֵיי אִיבֶּער שְׁטֶענְדִיג מִיט שְׁטָאלְץ, וֶועלֶען זֵיי מִסְתָּמָא אִיצְטֶער אויךְ אִיבֶּערקוּמֶען, מִיט גָאטְטֶס הִילְף.

דֶער עוֹלָם הָאט נִיט אוּמִזִיסְט גֶעוַוארְט דִי נֶאכְט אוּנ זִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען, דֶעם עֶרְשְׁטֶען זוּנְטַאג הָאט אויסְגֶעבְּרָאכֶען אַ גְרוֹיסֶער פָּאגְרָאם אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע, מִיט אַזוֹינֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע פַאלְגֶען וִוי אִין ב.. וואו עֶס אִיז עֶרְשְׁט יֶענֶע וָואךְ גֶעוֶועזֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער פָּאגְרָאם; פוּן דֶער שְׁטָאדט פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע אִיז גֶעוָוארְן אַ חוּרְבָּה, פוּן יֶעדֶענְס בִּיסֶעלֶע פַארְמֶעגֶען אַ בַּארְג מִיסְט, פוּן אַלֶעם אַ תֵּל, עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין גַאנְץ שְׁטִיקֶעל אָרְט וואו דֶער יוּד זָאל דֶעם קָאפּ אַנִידֶערלֶעגֶען. מִיט אֵיין וָוארְט — מֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אָהְן גֶעזוּנְד אָהְן לֶעבֶּען אוּנ אָהְן אַ שְׁטִיקֶעל הָאפְנוּנְג מָארְגֶען צוּ בֶּעקוּמֶען פַאר דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער אויף בְּרוֹיט.

עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין כֹּחַ, קֵיין מוֹחַ אִיבֶּערצוּגֶעבֶּען אויספִיהְרְלִיךְ דִי פָאלְגֶען פוּן דֶעם פָּאגְרָאם אִין פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶע, עֶס אִיז אִיצְטֶער שְׁוֶוער צוּ רֶעדֶען דֶערפוּן אִין אֵיין עֶרְצֶאהלוּנְג, וַוייל דָאס אַלֶעם אִיז עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג גֶעשֶׁעהְן פַאר אוּנְזֶערֶע אויגֶען, דָ א ס אַ לֶ ע ס קְלִינְגְט אוּנְז נָאךְ אִין דִי אויעֶרְן, מִיט דֶעם אַלֶעם זֶענֶען אוּנְז נָאךְ פַארשְׁלָאגֶען דִי קָאפּ, פוּן דֶעם אַלֶעם גֶעהֶען מִיר אַרוּם וִוי פַארטוּמֶעלְטֶע, וִוי זְשֶׁע קֶען מֶען אַזַא לַאגֶע עֶפִּיס אִיבֶּערגֶעבֶּען, עֶפִּיס זָאגֶען, עֶפִּיס דֶערצֶאהלֶען.

נֵיין! אִיךְ קֶען אִ י צְ טֶ ע ר נִ י ט, אִיךְ בִּין אִיצְטֶער נִ י ט אִ י ן שְׁ טַ א נְ ד אַייךְ אִיבֶּערצוּגֶעבֶּען דִי לַאגֶע פוּן דִי פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶער יוּדֶען... וֶוען אַייךְ אִיז אַ טְרַייסְט צוּ לֶעזֶען פוּן „דִי שְׁוֶוערֶע צַייטֶען" — וַוארְט בִּ י ז א וּ נְ זֶ ע רֶ ע צַ י י טֶ ע ן וֶועלֶען וֶוערֶען אַבִּיסֶעלֶע גְרִינְגֶער... וֶוען עֶס וֶועט פַאר יוּדֶען זִיךְ גֶעפִינֶען חָאטְשׁ אַ קְלֵיינֶער טְרַייסְט..

דערוויל קען איך אייך נור טרייסטען מיט דעם: אז האטש מען האט ביי יאקאב באריסאוויטש אין שטוב אויסגעשלאגען די פענסטער און צוּבראכען דאס מעבעל, דער־פאר אבער ווען עס איז שטילער געוואָרן, האט ער פון אויסלאנד געבראכט נייע מעבעל נאך דער נייעסטער מאדע. אריינגעשטעלט נייע פענסטער און לעבט היינט ווייטער אין פריבעגדיווקע.

נו זאלען זיך ניט טרייסטען, זאלען זיך ניט פרייען אייערע הארצער. וואס דער יוד האט אזוי מיט שטאלץ איבערגעטראגען אין אויסלאנד די רוסישע פאגראמען און לעבט ווייטער אין רוסלאנד און געוועלטיגט ווייטער?..

איך קען פונקטליך ניט איבערגעבען פאר וואס, נור דערצאהלען קען איך אייך אז פון "דער שווערער נאכט" זינט יאקאב האט פארבראכט צווישען יודען, האט ער זיך אנ־געהויבען דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען אינטערעסירען פאר יודען, באלד ווי ער איז געקומען קיין אויסלאנד האט ער אויסגעשריבען אזוינע גאזעטען וואס שרייבען וועגען יודען און געשמאק געלייענט, זיך אינטערעסירט, "וואס וועט זיין פון די יודישע פאגרא־מען"? "וואס וועט דערפון ארויסקומען"? "וואס וועט די וועלט דארויף זאגען"? "וואס וועלען די יודען אליין דערצו טהון"? און זא ווייטער. און עד היום שרייבט ער אויך אויס אזא ציימונג וואס שרייבט וועגען יודען, די "יודישע פראגע" קאסט איהם יעדעס יאהר צעהן רובל. און ווייסט וואס עס טהוט זיך אויף דער יודישער וועלט. ער האט זיך שטארק אנגעהויבען מישען אין יודישע שטאדטזאכען, זיך פארגעהן מיט יודען און אפילו זיי זאגען דעות ווי יודען זאלען זיך פיהרען און לעבען, וואס יודען זאלען טהון א. ז. וו. און טאמער זאגט איהם איינער אז ער זאגט ניט גלייך, איז יאקאב שטארק אין פריטענזיע און שפארט זיך עס זאל נור בלייבען אויף זיינס.

א שטענדיגען וכוח פיהרט ער מיט אונזער באקאנטען פאלעסטינעץ חייקיל (אדער יעפים אבראמאוויטש) פישקעמאכער, ווייל וואס יאקאב זאגט אזוי קוקט חייקיל און דרינגט פונקט פארקעהרט.

מיט איין ווארט יאקאב באריסאוויטש ווישקעמאכער איז געוואָרן איין "אסימילאטאר".

יאקאב באריסאוויטש איז פיעל שאנער און געזינדער פון חייקיל'ן, ער איז געוואקסען גלייך ווי א סטרונע, דעם קאפ טראגט ער שטענדיג גלייך, פון פארנט א היבש בייכעלע, פון הינטען כמעט ווי א ווייבערשער טורנור, אויף זיין שטערן איז קיין קנייטש ניט דא, אויף די אויסגעגאלטע בארד און באקען חאטש שארף אן א מעסער, אזוי גלאט איז דארט. די האר פון קאפ ליגען שטענדיג גלייך אויף איין ארט, חאטש צעהלט זיי איבער, ער געהט פאוואליע, ער רעדט ווארט ביי ווארט, ער איז שטענדיג רוהיג, כמעט שטענדיג אין איין פאזע, נור ווען ער דערזעהט דעם ריהרעוודיגען לויפענדיגען חייקיל'ן, הייבט אן זיין געגאלט פנים'ל צו שיינען, אויף די ליפען א זיסער שמייכעל. דאס זיסקייט פון דער ביען וואס לאזט דעם זיסען גיפט פון איהר האניג; זיינע גרויע שטעהענדיגע אויגען,

קוקען עֶפּים אַזוי אויף חַייקיל'ן, פּוּנְקְט וִוי חַייקיל איז זַיין נאַרר און זַיין גאַנְצֶע פַּאלֶעסְטִינִישֶׁע אִידֶעֶ איז זַיין נאַררִישׁ קִינְדֶערִישׁ שְׁפִּילֶעכֶעל. וָואס אַזוינֶע גְרויסֶע חֲכָמִים ווִי יַאָקאב איז – דַארְפֶען שְׁטֶענְדִיג חוזֶק מַאכֶען און חָאטְשׁ יַאָקאבּ'ס אוינֶען הָאבֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעקוּקְט נאַררִישׁ, נוּר עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ גְרויסֶען חָכָם.

## IV.

## דֶער גְלַאט אַזוי.

אונְזֶער דְרִיטֶען פַּארְשׁוין ה' קִישְׁקֶעמַאכֶער הָאט מֶען גֶערוּפֶען: „דֶער גְלַאט אַזוי" און נִיט אומזִיסְט הָאט עֶר אַזַא נָאמֶען בֶּעקוּמֶען.

בִּיז אִין דִי פָּאנְרָאמֶען הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפֶען פְרָאסְט מִיט זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען „קִישְׁקֶעמַאכֶער", מֶען וָואלְט אִיהם אֶפְשַׁר אויךְ גֶערוּפֶען „מֶענְשֶׁען-פְּרֶעסֶער", „גֶעלְד פְּרֶעסֶער", „פְּרָאצֶענְט פְּרֶעסֶער", „מַשְׁכָּנוֹת פְּרֶעסֶער" און נָאךְ מִיט אַזוינֶע נֶאמֶען, נוּר אִיהר ווייסְט דָאךְ וִוי בַּיי אונְז יוּדֶען אִיז: אַ מֶענְשׁ מֶעג זַיין וָואס אִין דֶער קָארְט, נוּר אָבֶער וִוי בַּאלְד עֶר הָאט גֶעלְד און מֶען דַארְף צוּ אִיהם אָנקוּמֶען רוּפְט מֶען אִיהם „רֶב" אָדֶער „הֶערר", מֶען הָאט דֶרֶךְ אֶרֶץ, מֶען גִיט אִיהם אָב כָּבוֹד און אֲפִילוּ אִין שוּל גִיט מֶען אִיהם אויךְ אַוֶועק דִי מִזְרָח וַואנְד, שִׁשִּׁי און אַלֶעס פוּן דֶעם בֶּעסְטֶען און עֶר הֵייסְט נָאךְ שֶׁאנֶער יוּד, בַּעַל טוֹבָה'נִיק א. ד. ג.

בִּיז צוּ דִי פָּאנְרָאמ'ס הָאט ה' קִישְׁקֶעמַאכֶער זִיךְ פַאר קֵיין שׁוּם זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט נִיט אִינְטֶערֶעסִירְט אויסֶער פַאר גֶעלְד, גֶעלְד און גֶעלְד, ד. ה. עֶר זָאל נֶעמֶען אַ גְרֶעסֶערן פְּרָאצֶענְט און אִין זַיין קֶעשֶׁענֶע זָאל וֶוערֶען מֶעהר אַ רוּבּל, – אִין דֶער גַאנְצֶער וַוייטֶער לִיכְטִינֶער וֶועלְט הָאט עֶר מֶעהר קֵיין שֶׁאנֶערְס, קֵיין לִיכְטִינֶערְס נִיט גֶעזֶעהן וִוי גֶעמֶען אַ גוּטֶען פְּרָאצֶענְט, דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט יוּדֶען, הָאט עֶר גֶערֶעכְנֶט, זֶענֶען נוּר גֶעבּוירֶען גֶע-וָוארֶען דַארוּף זֵיי זָאלֶען דַארְפֶען אַ רוּבּל אִין דֶער וָואכֶען אויף בְּרוֹיט און שַׁבָּת אויף קִיילִיטְשׁ און זָאלֶען אָנקוּמֶען צוּ אִיהם מִיט מַשְׁכָּנוֹת און מִיט וֶועקְסֶלֶען, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶען פִיער פְּרָאצֶענְט אַ וָואךְ פוּן יֶעדֶען רוּבּל, דֶערמִיט אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען פַּארנוּמֶען טָאג, וָואכֶען, חֳדָשִׁים און יָאהרֶען. זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען שְׁטֶענְדִיג זֶעהר צוּפְרִידֶען, נוּר שַׁבָּת אוּן יוֹם טוֹב אִיז אִיהם גֶעוֶועזֶען זֶעהר לַאנְגְווייליג, דִי טָאג הָאט עֶר גֶערֶעכְנֶט פַאר אִיבֶּערִיגֶע טָאג אִין יָאהר, און וִוי זָאל אִיהם נִיט זַיין אִין אַזוינֶע טָאג לַאנְגְווייליג? עֶר גֶעהט אַרוּם לֵיידִיג, קֵיינֶער קוּמְט נִיט לַייהֶען און פַארזֶעצֶען, קֵיין יוּד דַארְף דִי טָאג קֵיין גֶעלְד נִיט, עֶר טָאר גָאר גִיט הַאלְטֶען קֵיין גֶעלְד און פַאר לַאנְגְוויילֶע וָואלְט עֶר חָאטְשׁ אִין דִי פְרַייֶע טָאג אַרוּמגֶעגַאנְגֶען מָאנֶען, אָנגֶעבֶּען וֶועקְסֶלֶען, אִיבֶּער-גֶעשְׁרִיבֶּען פְרֶעמְד בַּעַל בַּיתִישְׁקֵייט וִוי שְׁטוּלֶען, טִישֶׁען, שַׁאפֶעס א. ד. ג. נוּר וִוי אויף לְהַכְעִיס טָאר מֶען עֶס נִיט אִין דִי טָאג.

און וֶוען עֶס פְלֶעגְט קוּמֶען שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב פְלֶעגְט אִין אִיהם דִי גַאל צוּשְׁפְּרִינְגֶען פַאר גְרוֹים הַארְצְוֶועהטִיג! סְטַייטְשׁ אַלֶע זַיינֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת גֶעהֶען זִיךְ אַרוּם שַׁבָּת'דִיג

אָנגֶעטהון, רוהיג אָבגָעגֶעסֶען אונ עֶר קֶען זַיי גָאר נִיט טְהון, ווי גְלַייךְ אִיהם קוּמְט גָאר נִיט קַיין גֶעלְד פון זַיי נָאךְ מִיט פְּרָאצֶענְט. פַאר לַאנגווַיילֶע פְלֶעגְט עֶר דִי טֶאג פַאר־בְּרֶענְגֶען אִין קְלויז ד. ה. צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען טָאמֶער וֶועט עֶר חָאטְש הֶערֶען וֶועמֶען מֶען מֶענ לַייהֶען ווַייטֶער אונ אויף וֶועמֶען מֶען דַארְף ווִי צוּם גִיכְסְטֶען אַיינגֶעבֶּען דִי וֶועקְסְלֶען; נוּר צוּ זַיין קְרֶענְקוּנג פְלֶעגְט עֶר שַׁבָּת זֶעהר ווֶינְצִיג הֶערֶען וֶועגֶען גֶעשֶׁעפְטֶען אונ גֶעלְד־זַאכֶען, דֶער עוֹלָם הָאט מֶעהר גֶערֶעדט פון וֶועלְט זַאכֶען, פון נַייעֶסֶען, מַשְׂכִּילִים הָאבֶען זִיךְ גֶעשְׁפַּארְט מִיט מִתְנַגְדִים אונ מִתְנַגְדִים מִיט חֲסִידִים אונ מֶען הָאט גָאר דֶערְצֶאהלְט נַייעֶס פון פָּאלִיטִיקֶע, נַייעֶס וֶועגֶען דֶער „יוּדִישֶׁער פְּרַאגֶע“, „דִי יוּדִישֶׁע לַאגֶע“ אונ פון נָאךְ אַזוינֶע זַאכֶען פון וֶועלְכֶע דֶער יוּדִישֶׁער עוֹלָם הָאט צַייט צוּרֶעדֶען שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב. —

ה' קִישְׁקֶעמַאכֶער, פְּלֶעגְט הֶערֶען אונ קְרִיטִישׁ, אִירָאנִישׁ אִין הַארְצֶען שְׁפֶּעטֶען אונ חוֹזֶק מַאכֶען, אוּמשְׁטַיינְס גֶעזָאגְט מִיט וָואס מֶענְשֶׁען פַארנֶעמֶען זִיךְ, עֶס אִיז זַייעֶר גֶעשֶׁעפְט זִיךְ מִישֶׁען אִין אַזוינֶע זַאכֶען, ווִי גְלַייךְ זַיי גֶעהט גָאר נִיט אָן! זַיי זָאלֶען בֶּעסֶער אִין זִינֶען הָאבֶען מָארְגֶען פון דֶעם זוּנְטָאגדִיגֶען מַארְק מִיר אָבְבְּרֶענְגֶען דֶעם רוּבּל פַאר דֶער וָואךְ מִיט פְּרָאצֶענְט; אָט גֶעהט עֶר אַרוּם פַארלֶעגְט דִי הָאנְד אויף דֶעם בַּייכֶעל אונ רֶעדט זִיךְ ווִי אַ מִינִיסְטֶער פון פָּאלִיטִיקֶע, עֶס קוּמְט אִיהם אֲפִילוּ אויף דֶעם מוֹחַ נִיט אַרויף אַז נָאךְ שַׁבָּת אִיז דֶער לֶעצְטֶער „טֶערְמִין“ פון דֶעם וֶועקְסֶעל, אִיהם גֶעהט גָאר אָן צוּ יוּדֶען זֶענֶען חֲסִידִים אָדֶער מִתְנַגְדִים, קָאפּ אָן דֶער וַואנְד! לָאזֶען זַיי זַיין וָואס זַיי ווִילֶען, אַבִּי לָאזֶען זַיי הַאלְטֶען „טֶערְמִין“ אונ צָאהלֶען צוּ דֶער צַייט וֶועלֶען זַיי פַאר־שְׁפָּארֶען ווַיינֶען אִיבֶּער מַיין קָאפּ אונ זָאגֶען דֶערנָאךְ אויף מִיר אַז אִיךְ בִּין אַ שְׁלֶעכְטֶער, אונ דֶערפַאר טַאקִי קֶען אִיךְ קַיין רַחֲמָנוּת נִיט הָאבֶען אויף אַ יוּדֶען, ווַייל זַיי ווִילֶען גָאר נִיט בַּארֶעכֶענֶען: וֶוער וָואלְט דִי קַבְּצָנִים, דִי לַיידַאקֶעס, גֶעלִיהֶען וֶוען נִיט אִיךְ? הַיינְט גֶעהט טהוט אַ יוּדֶען אַ טוֹבָה, עֶס אִיז שׁוין בֶּעסֶער צוּ הַאנְדְלֶען מִיט גוֹיִם, אַ גוֹי ווַייסְט אַז עֶר דַארְף אַרוּבּל בְּרֶענְגְט עֶר גְלַייךְ דֶעם פֶּעלְץ אָדֶער דֶער עֶרֶל'טֶעם קְרֶעלֶען יוּדֶען אָבֶּער הָאבֶּען אויף זִיךְ אַליין קַיין רַחֲמָנוּת נִיט, זָאל אִיךְ אויף זַיי רַחֲמָנוּת הָאבֶען? לָאזֶען זַיי זַיין עֶהרְלִיךְ אונ צָאהלֶען צוּם „טֶערְמִין“ וֶועל אִיךְ אויךְ זַיין פְרוּם אונ גוּט. —

מִיט דִי אונ נָאךְ אַזוינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט עֶר פַארבְּרַאכְט זַיינֶע לַאנְגווַיילִיגֶע טֶאג, דִי שַׁבָּתִים אונ יָמִים טוֹבִים.

אונ שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר אַז דִי פָּאגְרָאמֶען הָאבֶען גֶעווירְקְט אויף ה' קִישְׁקֶעמַאכֶערן אויךְ! אַזוי שְׁטַארְק גֶעווירְקְט אַז עֶר הָאט זִיךְ אויךְ אָנגֶעהויבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט דֶער „יוּדִישֶׁער פְּרַאגֶע“.

עֶס אִיז פְּרָאסְט נִיט צוּ גְלויבֶּען אַזַא זַאךְ אויף אַזַא מֶענְשֶׁען ווִי הֶערר קִישְׁקֶע־מַאכֶער! — נוּר הֶערְט ווִי אַזוי דִי מַעֲשֶׂה אִיז גֶעוֶועזֶען: בַּיי דִי פָּאגְרָאמֶעס הָאבֶען אַללֶע גוֹיִם זִיךְ אָבגֶענוּמֶען זַייעֶרֶע פֶּעלְצֶען אונ דִי עֶרֶל'טֶעם קְרָעלֶען, אויךְ נָאךְ אַנְדֶערֶע זַייעֶרֶע מַשְׁכָּנוֹת אונ נִיט נוּר אִיהם נִיט בַּאצָאהלְט דָאס פְּרָאצֶענְט נוּר אֲפִילוּ נִיט דָאס קֶרֶן,

חוץ וואס זיי האבען איהם צו געגעבען פעטש מיט קולאקעס , אויסגעשלאגען די פענסטער , צוריסען די בעבעכעס , צובראכען מעבעל א. ז. וו. א. ז. וו.

ה׳ קישקעמאכער איז געבליך געוועזען אויסער זיך !

נאך מעהר איז ער געוועזען אויסער זיך ווען ער האט געהערט פון רוסישע און אפילו פון יודישע גאזעטען ווי זיי שרייען „אז אין דעם גאנצען פאגראם איז ק י ש ק ע־מ א כ ע ר שולדיג מיט זיינע פראצענטען, גוישע פעלצען און קרעלען" .

— געוואלד ! האט ער אנגעהויבען שרייען צווישען זיינע בעקאנטע יודען , איך האב גערעכנט זיך קלאגען , צום סוף קומט נאך ז י י ארוים ! איך בין נאר שולדיג ! הערט א רציחה !

— אויב א יוד איז יא שולדיג אין דעם פאגראם , האבען איהם געענטפערט זיינע באקאנטע יודען , ווענט איהר געווים ד ע ר י ו ד . . .

— איך בין שולדיג זאגט איהר ?

— איהר ! איהר ! ווער דען ? האבען איהם די יודען געטענה׳ט אין די אויגען , איהר מיט די משכנות און מיט דעם פראצענט שינד אהן רחמנות פון ארימע יודען און ארימע גוים די לעצטע הויט , איהר זויגט פון אונז אללע די לעצטע טראפען בלוט ; מילא מיר יודען מוזען שטענדיג שווייגען און אללעס איבערטראגען פון אייך , וואראום מיר זענען שוין געשלאגענע הינד , אבער זיי ווילען פון אייך ניט ליידען , ווער קען זיי זאגען א דעה ?

הערר קישקעמאכער האט אנגעהויבען שפרינגען פון דער הויט :

— סטייטש ! געוואלד ! וואס זאגט איהר ? און וואס רעדט איהר ? זיי זענען דען געקומען צו מיר און מיך דען אפילו געבעטען ? עס קען זיין ווען זיי זאלען געוועזען קומען צו מיר און זאגען „פאני קישקעמאכער , די צייט איז אונז זעהר שלעכט , האב רחמנות און לאז אראפ פון דעם פראצענט" , מיט איין ווארט ווען זיי זאלען געוועזען קומען ווי מ ע נ ש ע ן , וואלט איך אפשר טאקי זיי געוועזען אראבגעלאזט א צוויי פראצענט , נור זיי זענען געקומען ווי ראזבוינקעס און מיט געוואלד זיך צוגענומען אללע משכנות און אפילו דעם קרען ניט באצאהלט און מיר נאך שאדען אנגעמאכט ! וואו איז געהערט געווארן אזא רציחה ? און איהר זאגט נאך אללע איך בין שולדיג , וואו איז שוין דאס עהרליכקייט און דער אמת אויף דער וועלט ? !

— אללע אלטע בעלי עבירה׳ניקס זוכען שטענדיג אויף דער עלטער דאס עהרליכקייט מיט דעם אמת און געפינען ניט , פאר וואס האט איהר ניט געזוכט דאס עהרליכקייט און דעם אמת פריהער ? איהר וואלט געווים געפונען .

— אללע ווייבער (גבאי׳טעס) וואס נעמען צונויף אויף דער עלטער , וויפיעל זיי „נעמען צונויף" און „געמען צונויף" ווייזט זיך זיי אויס און זיי פיהלען ווי זיי האבען נאך „אין גאנצען ניט צונויפגענומען" — האט איינער פון די יודען געענטפערט ה׳ קישקעמאכערן אויף זיין פראגע : „וואו איז דאס עהרליכקייט ? וואו איז דער אמת ?"

מיט איין ווארט ה׳ קישקעמאכער איז פון די פאגראמעס געוועזען „אויסער זיך" ,

די פָּאגְרָאמֶעס הָאבֶּען אִיהם גֶעצְוואוּנְגֶען עֶר זָאל זִיךְ אוֹיךְ אָנהוֹיבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט „דֶער יוּדִישֶׁער פְרַאגֶע“ „וָואס וֶועט זַיין מִיט יוּדֶען“. וָואס וֶועט מֶען אִיצְטֶער טהוּן ?“

– וָוארוּם וָואס קֶען מֶען טַאקִי אִיצְטֶער בֶּאֱמֶת טהוּן ? הָאט עֶר מִיט זִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערגֶערֶעדט, וֶועמֶען קֶען מֶען נָאר הַיינְט גֶעטְרוֹיעֶן אֲפִילוּ אַ גְרָאשֶׁען אוֹיף אַ מַשְׁכּוֹן וּבִפְרַט נָאךְ אוֹיף אַ וֶועקְסֶעל, וֶוען מֶען אִיז נִיט זִיכֶער אֲפִילוּ מִיט דֶעם קֶרֶן, אַז דִי גוֹיִם ווִילֶען, שִׁכּוֹר'ען זֵיי זִיךְ אָן אוּנ נֶעמֶען זִיךְ אָב דִי מַשְׁכָּנוֹת אוּנ דִי יוּדֶען זָאגֶען אַז אִיבֶּער מִיר הָאט מֶען זֵיי אוֹיךְ אִין גַאנְצֶען אָבגֶערַאבֶּעוֶועט אוּנ הָאבֶּען מִיר נִיט צוּ צָאהלֶען אֲפִילוּ דֶעם קֶרֶן. אוּנ נִיט גֶענוּג וָואס זֵיי זֶענֶען מִיר שוּלְדִיג גֶעלְד זָאגֶען זֵיי אַז אִיךְ בִּין שוּלְדִיג, זֵיי קוּמְט נָאךְ אַרוֹיס ! וִוי קֶען מֶען וַוייטֶער אַזוֹי לֶעבֶּען ? עֶס אִיז זִיךְ דָא נָאר אוֹיס וֶועלְט ! נֵיין, דָא אִין דֶעם „אוֹיס וֶועלְט“ אִינְזֶער עֶס הֶפְקֵר וֶועלְט אִיז נִיט קֵיין פְּלַאץ מֶעהר צוּ בְּלַייבֶּען, מֶען מוּז עֶפֶּעס טהוּן וַוייטֶער –

אוּנ קִישֶׁקֶעמַאכֶער הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען מִישֶׁען אִין דֶער אַלְגֶעמֵיינֶער יוּדִישֶׁער פְרַאגֶע „וָואס זָאלֶען יוּדֶען טהוּן וַוייטֶער ? וואוּ גֶעהט מֶען ? וואוּ לוֹיפְט מֶען ? וואוּ גֶעפִינְט מֶען עֶרְגֶעץ אַ רוּהִיג שְׁטִיקֶעל אָרְט פַאר יוּדֶען מֶען זָאל קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַאר דֶעם לֶעבֶּען ? –

יוּדֶען בְּרֶעכֶען זִיךְ דֶעם מוֹחַ, מֶען טְרַאכְט, מֶען פְּלַאנִירְט מַחְשָׁבוֹת פְלִיהֶען: קֵיין שְׁפַּאנְיֶען, פְרַאנְקְרַייךְ, עֶנְגְלַאנְד, אוֹיף דֶער לְבָנָה אוֹיף דֶעם הִימֶעל, אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, אַמֶערִיקַא, פַּאלֶעסְטִינַא אוּנ וואוּ אִיהר ווִילְט נוּר, אַבִּי אַ רוּהִיג שְׁטִיקֶעל אָרְט פַאר דֶעם יוּדֶען עֶר זָאל זַיין זִיכֶער מִיט דֶעם לֶעבֶּען. מֶען זוּכְט, מֶען שְׁמֶעקְט, מֶען גִישֶׁטֶערְט, מֶען לוֹיפְט, מֶען אַנְטְלוֹיפְט אוֹיף אַלֶע פִיער זַייטֶען ... עֶנְדְלִיךְ שְׁטֶעלְט מֶען זִיךְ אָב אוֹיף צְווֵיי עֶרְטֶער אִין „פַּאלֶעסְטִינַא“ אָדֶער אִין „אַמֶערִיקַא“.

אוּנ אוּנְזֶער קִישֶׁקֶעמַאכֶער הָאט זִיךְ גְרַאדֶע אָבגֶעשְׁטֶעלְט אִין „פַּאלֶעסְטִינַא“ מִיט דֶעם נַייעֶם פְּלַאן:

– וִוי אַזוֹי עֶס אִיז, אִיז דָא פָּארְט גְלַייכֶער, חָאטְשׁ עֶס קֶען זַיין אִיךְ וֶועל דָא נֶעמֶען אַ קְלֶענֶערֶען פְּרָאצֶענְט, נוּר עַל כָּל פָּנִים וֶועל אִיךְ דָא זַיין פַארזִיכֶערְט מִיט דִי מַשְׁכָּנוֹת מִיט דֶעם קֶרֶן, דָא אִיז חָאטְשׁ נִיט דָא קֵיין פָּאגְרָאמֶעס דָא אַז אִיךְ וֶועל הָאבֶּען אוֹיף אַ יוּדֶען אַ וֶועקְסֶעל וֶועט עֶר מִיר נִיט זָאגֶען קֵיין תֵּירוּצִים עֶר הָאט גֶעהַאט אוֹיף זִיךְ פָּאגְרָאמֶעס, דְרוּם הָאט עֶר נִיט צוּ צָאהלֶען, אוּנ וֶועט נָאךְ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען מִיךְ הַיינְט גֶעה הָאב צוּ אִיהם טַעֲנוֹת ? דָא, בְּרִידֶערלַאךְ, אִיז ווִידֶער גָאר אַ נַייעֶ וֶועלְט ! נִיט גֶעצָאהלְט צוּם „טֶערְמִין“ – אַיינגֶעגֶעבֶּען דָאס וֶועקְסֶעל ! דוּ גֶעה אִין חֵדֶר אוּנ אִיךְ וֶועל נֶעמֶען דִי קִישֶׁעלֶעךְ, דֶעם ווַייבְּס פֶּערֶעלֶעךְ, דִי שַׁבָּת'דִיגֶע לַייכְטֶער ! נִישְׁקָשֶׁה עֶס אִיז ב"ה דָא פַאר דִי הֵיילִיגֶע שַׁבָּת'דִיגֶע לֶעכְט לֶעהמֶענֶע לַייכְטֶער הַאלְב אוּמזִיסְט.

אַזוֹי אוּנ דֶערְטְגְלַייכֶען הָאט קִישֶׁקֶעמַאכֶער זִיךְ גֶעפְּלַאנֶעוֶועט זִיךְ בַּאזֶעצֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען לַאנְד; נוּר ווִי זָאגְט מֶען „אַ מֶענְשׁ טְרַאכְט אוּנ גָאטט לַאכְט“; חָאטְשׁ קִישֶׁקֶעמַאכֶער אִיז שְׁטֶענְדִיג אַ חָכָם מְחוּכָּם אַ יוּד אוּנ פְלֶעגְט הַאלְטֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט פַאר נַארָאנִים וָואס פַארְנֶעמֶען זִיךְ מִיט פוּסְטֶע זַאכֶען אוּנ ווַייסֶען גָאר נִיט ווִי גוּט עֶס אִיז

צוּ צָאהלֶען צוּם „טֶערְמִין״ נוּר אַ מֶענְשׁ וָואס אִיז אֲפִילוּ זִיבְּעצִיג יָאהר אַ חָכָם שְׁטַארְבְּט אוֹיךְ אַ נַארר, וּבִפְרַט נָאךְ קִישְׁקֶעמַאכֶער וָואס הָאט נָאךְ קֵיין זִיבֶּעצִיג יָאהר נִיט דֶערלֶעבְּט – אִיז אִיצְטֶער גֶעבְּלִיבֶּען אַ גְרוֹיסֶער נַארר, אָדֶער וִוי עֶר הָאט נָאכְדֶעם אַלֵיין גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ זִיךְ בֶּענַארְרִישְׁט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעלָאזְט זִיךְ פַארְפִיהְרֶען אוּנ בִּין גֶעפָאהרֶען קֵיין „פַּאלֶעסְטִינַא״. –

פוּן זַיינֶע אַללֶע פְּלֶאנֶער אִין פַּאלֶעסְטִינַא הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעלָאזְט פּוּנְקְט קַאפּוֹיר וִוי מֶען זָאגְט „מִיט דֶער פּוּטֶער אַרָאבּ״. דִי מַעֲשֶׂה דֶערפוּן אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען: מִיט דִי גֶעבּוֹירֶענֶע טִירְקִישֶׁע יוּדֶען וָואס זֶענֶען דָארְט כִּמְעַט וִוי אַסִימִילִירְט מִיט דִי טִירְקֶען הָאט הֶערר קִישְׁקֶעמַאכֶער, נַאטִירְלִיךְ אִיבֶּער אַ סַךְ אוּרְזַאכֶען, נִיט גֶעקֶענְט הָאבֶּען קֵיין שׁוּם גֶעשֶׁעפְטֶען וֶוענֶען פְּרָאצֶענְט, מַשְׁכָּנוֹת, וֶועקְסְלֶען אוּנ דֶערְטְגְלַייכֶען; מִיט וֶועמֶען זְשֶׁע דֶען? מִיט דִי אַלְטֶע אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל יוּדֶען, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל שְׁטַארְבֶּען אוּנ טהוּען מֶעהר נִיט וִוי זִיךְ אַרוּמְדְרֶעהֶען וִוי לֶעבֶּעדִיגֶע מֵתִים אִין דִי בָּתֵּי מִדְרָשִׁים אָדֶער אוֹיף דִי קְבָרִים פוּן דִי צַדִיקִים אוּנ קְדוֹשִׁים אוּנ וַוארְטֶען פוּן אֵיין טָאג אוֹיף דֶעם צְווייטֶען זֵיי זָאלֶען שׁוֹין אוֹיךְ זוֹכֶה זַיין בַּיי דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג צוּ וֶוערֶען מֵתִים אוּנ צוּ לִיגֶען אוֹיף דֶער הַיילִיגֶער עֶרְד – זֵיי לַייהֶען גֶעלְד אוֹיף וֶועקְסְלֶען אוּנ מַשְׁכָּנוֹת? – בְּלַייבֶּען נוּר דִי נַייֶע עֶמִיגְרַאנְטֶען, זֵיי זֶענֶען וָואס טְהֵיילֶען זִיךְ אִין דְרַיי קְלַאסֶען: דִי עֶרְשְׁטֶע זֶענֶען אַזֶעלְכֶע וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט גֶעלְד, הָאבֶּען גֶעקוֹיפְט עֶרְד אוּנ אַרְבַּייטֶען, זֵיי הָאבֶּען אַוַודַאי נִיט בַּאדַארְפְט לַייהֶען קֵיין גֶעלְד אוֹיף פְּרָאצֶענְט בַּיי דֶעם הֶערר קִישְׁקֶע־מַאכֶער. דִי צְווייטֶע קְלַאסֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶענֶע אָרִימֶע וָואס אַ דַאנְק פֶערשִׁידֶענֶע חֶבְרוֹת, הָאבֶּען דָאס רוֹב חַי אַזוֹי עֶס אִיז גֶעפוּנֶען אַרְבַּייט; אוּנ דִי דְרִיטֶע דִי אָרִימֶע לַייט, ווילְלְט אִיהר דֶער ה׳ קִישְׁקֶעמַאכֶער זָאל זֵיי לַייהֶען גֶעלְד? – נֵיין, קֶענְט אִיהר נִיט קִישְׁקֶעמַאכֶערן!

מִיט אֵיין וָוארְט ה׳ קִישְׁקֶעמַאכֶער אִיז גֶעפָאהרֶען צוּרִיק פוּלל מִיט כַּעַס אוֹיף גַאנְץ פַּאלֶעסְטִינַא, אוֹיף אַללֶע פַּאלֶעסְטִינְצֶעס אוּנ גְלַאט אַזוֹי אִין אֵיין רְצִיחָה אוֹיף עֶמִיגְרַאנְטֶען אוּנ עֶמִיגְרַאצִיֶע בִּכְלַל, צוּ קֵיין אַמֶערִיקַא אָדֶער קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא – אַלְץ אֵיין שְׁווַארְץ יָאהר! הָאט עֶר גֶעזָאגְט – בֶּעסֶער פוּן אַללֶעם בְּלַייבֶּען אִין פְּרִיבֶּענִידִיוֶוקֶע, דָארְט זֶענֶען דָא יוּדֶעלֶעךְ ב״ה וָואס מוּזֶען נֶעמֶען „וָואכֶער גֶעלְד״ אוֹיף פִיער אָדֶער פִינְף פְּרָאצֶענְט אַ וָואךְ, דָארְט זֶענֶען דָא גוֹיִם מִיט פֶּעלְצְלֶעךְ אוּנ קְרֶעלֶען, אַי מוֹרָא הָאבֶּען פַאר פָּאגְרָאמֶען?! עֶס אִיז ב״ה שׁוֹין שְׁטִילֶער גֶעוָוארן, נִישְׁט קָשֶׁה! דִי גַאזֶעטֶען שְׁרַייבֶּען טַאקִי אַז גָאטט וֶועט אַרוֹיספִיהְרֶען דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען יוּדֶען וָואס מֶען יָאגְט אִיהם אוּמֶעטוּם, אוּנ ווִידֶער שְׁרַייבֶּען אֵיינִיגֶע יוּדִישֶׁע גַאזֶעטֶען: וִוי אִיז מֶען בַּאוָוארִינְט אַז אִין פַּאלֶעסְטִינַא אָדֶער אִין אַמֶערִיקַא וֶועט נִישְׁט זַיין אַ פָּאגְרָאם? אַלְץ אֵיין שְׁוַוארְץ יָאהר! בֶּעסֶער אִין דֶער הֵיים – אִין פְּרִיבֶּענְדִיוֶוקֶע; מִיט דִי פְּרִיבֶּענְדִיוֶוקֶער לַייט קֶען מֶען חַאטְשׁ עֶפִּים מַאכֶען אַ גֶעשֶׁעפְטִיל, מִיט יֶענֶע אִיז גָאר נִיט מֶעגְלֶעךְ אוֹיסצוּקוּמֶען. עֶס פַארדְרִיסְט מִיךְ נוּר אוֹיף דִי פַּאלֶעסְטִינְצֶעס וָואס אִיבֶּער זֵיי הָאבּ אִיךְ אוֹיסגֶעבְּרַאכְט אַזוֹי

פִיעל גֶעלְד אויף הוֹצָאוֹת, נוּר גָאטט װֶעט הֶעלְפֶען אונ װֶעט מְסַלֵא זַיין; לָאם אִיךְ שׁוֹין דֶערלֶעבֶּען צוּקוּקֶען קֵיין פְּרִיבֶּעגְדִירוּנְקֶע.

מִיט דֶעם גֶעדַאנְקֶען „גָאטט װֶעט הֶעלְפֶען", „גָאטט װֶעט מְסַלֵא זַיין" אִיז עֶר גֶע־פָאהרֶען װִי אַ הוּנגֶערִיגֶער בֶּאזֶער װָאלְף צוּ זַיינֶע אָרִימֶע שֶׁאפֶּעלֶעךְ שֶׁערֶען אוּנ שֶׁערֶען דִי װָאלל בִּיז אִין דֶער הוֹיט.

*

* *

דִי „צַייט פוּן דִי יוּדִישֶׁע פָּאגְרָאמֶען" אִיז יֶעדֶען בַּאקַאנְט. עֶס אִיז בִּכְלַל װִי גֶעכְטֶען גֶעשֶׁעהֶן פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, דִי אָבֶּער װָאס הָאבֶּען אַלֵיין מַאטֶערְיַאלִישׁ אוּנ פְּהִיזִישׁ גֶעלִיטֶען פוּן דִי פָּאגְרָאמֶען װֵייסֶען פוּן „דֶער צַייט", נוּר נָאךְ מֶעהר פוּן אַ ל לֶ ע װ י ס ע ן ד י װָאס הָאבֶּען זִיךְ אִין דֶער פְלִיהֶענְדִיגֶער לוֹיפֶּענְדִיגֶער צַייט גֶעפוּנֶען אִין אָדֶעסַּא.

אִין דֶער שְׁטָאדט בְּ רָ א ד אִיז נִיט פָּארגֶעקוּמֶען קֵיין הוּנְדֶערְט חֵלֶק װָאס אִין אָדֶעסַּא. בְּ רָ א ד, אִיז נוּר גֶעװֶעזֶען פַארשִׁיט מִיט עֶמִיגְרַאנְטֶען קֵיין אַמֶערִיקַא. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעװַאלְגֶערְט אוֹיף דִי גַאסֶען אוּנ מַארְקֶען, גֶעװַארט אוּנ גֶעװַארְט, גֶעהוּנְגֶערְט אוּנ גֶעדַארְשְׁט בִּיז „דַאס פַּארִיזֶער קָאמִיטֶעט" אִיז אִין שְׁטַאנְד גֶעװֶעזֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִי בִּיזְעֶנְדֶער אַװֶעקצוּשִׁיקֶען אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען װַייטֶער גֶעװַארְט, גֶעהוּנְגֶערְט אוּנ גֶע־דַארְשְׁט װָאכֶען װַייז בִּיז דַאס קָאמִיטֶעט אִיז װַייטֶער גֶעװֶעזֶען אִין שְׁטַאנְד אַרוֹיסצוּשִׁיקֶען עֶטְלִיכֶע. עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעצוֹיגֶען לַאנְגֶע טוּנְקֶעלֶע שְׁװַארְצֶע בִּיטֶערֶע טְרוֹרִיגֶע טֶאג־װָאכֶען אוּנ אַ סַךְ חֳדָשִׁים פַאר דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע אַמֶערִיקַאנֶער עֶמִיגְרַאנְטֶען, פִיעל הָאבֶּען זִיךְ נִיט דֶערװַארְט אוּנ זֶענֶען אִין בְּרָאד גֶעשְׁטָארְבֶּען, פִיעל זֶענֶען קְרַאנְק גֶעװָארן אוּנ צוּ־רִיק גֶעפָאהרֶען

פוּן אָדֶעסַּא אִיז מֶען גֶעפָאהרֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא! דָארְטֶען זֶענֶען נִיט גֶעװֶעזֶען קֵיין שׁוּם קָ א מִ י טֶ ע טֶ ע ן, דֶערפַאר הָאט מֶען אוֹיךְ דָארְטֶען נִיט גֶעזֶעהֶן קֵיין שׁוּם קְרַאנְקֶע עֶמִיגְרַאנְטֶען, מֶען הָאט זִיךְ נִיט גֶעװַאלְגֶערְט אִין דִי גַאסֶען, מֶען אִיז נִיט גֶע־שְׁטָארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער, נוּר פוּנְקְט פַארְקֶעהרְט: אוֹיף יֶעדֶען אָדֶעסְסֶער עֶמִיגְרַאנְט הָאט אִיהר גֶעזֶעהֶן אַ פְרֶעהלִיךְ גֶעזוּנְד פָּנִים אִין זַיין יֶעדֶען אֵבֶר הָאט מֶען גֶעזֶעהֶן װִי עֶר לֶעבְּט. — װֶער עֶס הָאט זִיךְ נוּר נִיט גֶעפוּילְט גוּט זִיךְ צוּקוּקֶען צוּם אָדֶעסְסֶער עֶמִיגְרַאנְט דֶער הָאט אִין אִיהם גֶעקֶענְט זֶעהֶן װִי עֶר אִיז מִיט זַיינֶע אַללֶע גֶעדַאנְקֶען, מִיט זַיין גַאנְץ הַארְץ אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען צוּ אַרְבֵּייטֶען עֶרְד. עֶר אַנְטְלוֹיפְט נִיט פוּן רוּסְלַאנְד װָאס עֶר הָאט נִיט לִיעב, נֵיין, יֶעדֶער אוֹיף װָעלְכֶער עֶרְד מֶען אִיז גֶעבּוֹירֶען דִי עֶרְד הָאט מֶען לִיעב דַאס װָאס עֶר אִיז אַװֶעק פוּן רוּסְלַאנְד, פוּן זַיין הַיים פוּן זַיינֶע בַּאקַאנְטֶע אוּנ פְּרַיינְד הָאט עֶר גֶעזִיפְצְט אוּנ גֶעקְרֶעכְצְט, נוּר עֶר אִיז מִיט פְרַייד אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶעם „שְׁעֶנְקִיל", פוּן דֶעם „קְרֶעמִיל" אוּנ פוּן אַללֶע אַנְדֶערֶע מִיאוּסֶע פַּרְנָסוֹת פוּן װֶעלְכֶער דֶער יוּד לֶעבְּט אִין רוּסְלַאנְד אוּנ װֶער עֶס װִילל שֶׁאנְדֶעט אִיהם דֶערפַאר; אִיצְטֶער הָאט עֶר דַאס אַלֶעס

אַוֶועקגֶעוָוארְפֶען , עֶר פָאהרְט אַרְבַּייטֶען עֶרְד , קֵיינֶער װעט אִיהם נִיט קֶענֶען אויפוואַרְפֶען רוּפֶען אִיהם „שֶׁענְקֶאר” „לַאוָואטְשְׁנִיק” „פְּרָאצֶענְטְנִיק” „שַׁאכֶער־מַאכֶער” .

און מִיט פִיעל גוּטֶער הָאפְנוּנְג אִיז דֶער יוּדִישֶׁער עֶמִיגְרַאנְט גֶעפָאהרֶען דוּרְךְ דֶעם אָדֶעסֶער פָּארְט קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא , דֶערצוּ אִיז דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד לִיעבּ און מַיינֶער בַּיי יוּדֶען פוּן תָּמִיד אָן זִינְט מֶען הָאט אִיהם פוּן זַיין לַאנְד אַרויסגֶעטְרִיבֶּען בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג , דְרוּם אִיז נָאר קֵיין װאוּנְדֶער נִיט װָאס דֶער פַּאלֶעסְטִינֶער עֶמִיגְרַאנְט הָאט אויסגֶעמַאלְט פְּרֶעהלִיךְ גֶעזוּנְד און לֶעבֶּעדִיג : אֶפְשַׁר טַאקִי אויךְ דֶערפַאר הָאט עֶר אַזוֹי גוּט אויסגֶעזֶעהֶן , װָאס עֶר הָאט זִיךְ אִין אָדֶעססַא נִיט פַארלָאזְט אויף קֵיין „פַּארִיזֶער” און נִיט אויף קֵיין שׁוּם „יוּדִישֶׁע חֶבְרוֹת” , עֶר אִיז גֶעפָאהרֶען אויף זַיינֶע אֵיינֶענֶע פְלֵייצֶעס , זַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אִיז גֶעװעזֶען אויף זִיךְ אַלֵיין ; דִי װָאס הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל , דִי װָאס הָאבֶּען גֶעהַאט אֵייגֶענֶע פְלֵייצֶעס , דִי הָאבֶּען זִיךְ צְװִישֶׁען זִיךְ גֶעמַאכְט פַּארְטִיֶעס און זֶענֶען זֶעלְבְּסְטשְׁטֶענְדִיג גֶעפָאהרֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא .

אַזַא עֶמִיגְרַאנְט הָאט זִיךְ נִיט אוּמגֶעקֶערְט צוּרִיק , נוּר אַזוֹינֶע לַייט װִי דִי הֶערְרֶען קִישְׁקֶע מַאכֶער װָאס זֶענֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא גֶעפָאהרֶען „מַאכֶען גֶעשֶׁעפְטְלֶעךְ” , אַזוֹינֶע, אָדֶער אַזוֹינֶע „מְלַמְדִים” און „פּוּסְטֶע בָּחוּרִים” װָאס דִי פְּרִיבֶּעדְרִיוָוקֶער „חֶבְרָה פַּאלֶעסְטִינְצֶעס” הָאבֶּען אַרויסגֶעשִׁיקְט קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא , זֶענֶען פוּן דָארְט צוּרִיקגֶעקוּמֶען . אַזוֹינֶע לַייט װֶען זַיי הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען אִין פַּאלֶעסְטִינַא דָאס װָאס זַיי הָאבֶּען פַארטְרַאכְט , הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט צוּרִיק אויף הוֹצָאוֹת זֶענֶען זַיי אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דִי הֶאנְד פוּן דִי מִיסִיאָנֶערֶען און װֶען מֶען הָאט יָא גֶעהַאט אויף הוֹצָאוֹת אִיז מֶען גֶעפָאהרֶען צוּרִיק אַהֵיים פוּלל מִיט כַּעַס אויף גַאנְץ פַּאלֶעסְטִינַא , אויף דִי פַּאלֶעסְטִינְצֶעס און אויף דִי עֶמִיגְרַאנְטֶען בִּכְלָל ;

לֶעזֶער ! אִיךְ בִּין נִיט קֵיין פַּאלֶעסְטִינֶעץ , אִיךְ בִּין נִיט קֵיין מִיטגְלִיעד פוּן קֵיין שׁוּם „חֶבְרָה חוֹבְבֵי צִיוֹן” , אִיךְ שְׁרַייבּ נִיט פַאר פַּ א לֶ ע ס טִ י נַ א , פַארשְׁטֶעהט זִיךְ אַז מֶען קֶען מִיךְ נִיט שׁוּלְדִיגֶען דֶערפַאר װָאס אִיךְ בִּין אַ יוּד , און װִי בַּאלְד מִיר זֶענֶען יוּדֶען , הָאבֶּען מִיר לִיעבּ גֶעהַאט דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד נָאךְ פְרִיהֶר אֵיידֶער עֶס אִיז נָאךְ גֶעװעזֶען פְּאגְרָאמֶען , עֶמִיגְרַאצִיֶע , „חֶבְרָה אַסִימִילִיאַטָארְס” „חֶבְרָה אַמֶערִיקַאנְצֶעס” און „חֶבְרָה חוֹבְבֵי צִיוֹן” ; אִיךְ דֶערצֶעהל אַייךְ נוּר דָא דֶעם אֱמֶת װָאס מַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען אִין יֶענֶער צַייט אִין אַדֶעססַא צוּגֶעזֶעהֶן :

דְרַיי מָאל אִין דֶער װָאךְ אִיז פוּן אַדֶעסֶער פָּארְט גֶעגַאנְגֶען דֶער פַּארָאחָאד קֵיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל , דְרַיי מָאל אִין דֶער װָאךְ זֶענֶען מִיט דֶעם פַּארָאחָאד גֶעפָאהרֶען פַּארְטִיֶעס יוּדִישֶׁע עֶמִיגְרַאנְטֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא , דְרַיי מָאל אִין דֶער װָאךְ אִיז יֶעדֶער יוּד אִין אַדֶעססַא װָאס הָאט זִיךְ אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט דֶער בִּיטֶערֶער יוּדִישֶׁער צַייט , גֶעגַאנְגֶען צוּם קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאלֶער פְּרִיסְטַאן בַּאגְלַייטֶען דִי עֶמִיגְרַאנְטֶען , און דָאס הַארְץ פְלֶעגְט בְּרַייט װֶוערֶען , דִי אויגֶען פְלֶעגֶען זִיךְ אָנְפִילֶלֶען מִיט טְרֶעהרֶען פַאר פְרֵייד צוּזֶעהֶענְדִיג װִי יוּדִישֶׁע יוּנְגֶע לַייט , יוּדֶען פוּן שֶׁענְקֶען און פוּן קְלַייטֶען , יוּדֶען װָאס זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעװָאהנְט צוּ גֶעהן מִיט אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶע קָאפּ , אויסהֶערֶען יֶעדֶענְס שֶׁעלְט׳ס

זידלעריי, זענען איצטער געגאנגען גלייך, מיט שטאלץ זיך געטראגען מיט זייערע לעצטע קלומערקליך אויף דעם פּאראהאד. דארט איז א זייט שטעהט איין אלטע מוטער, איין אלטער פאטער און קענען זיך ניט אבבייסען פון זייער קינד.

– גאטט ווייסט צו וועלען מיר זיך שוין זעהן. מיין טייערער זוהן, מיר וואלטען זייד פארקויפט דאס לעצטע און געפאהרען קיין ארץ ישראל זיין נעבען דיר, געזעגנען זיך די עלטערן מיט הייסע טרעהרען

– זיין ליעבער פאטער, זיין ליעבע מוטער! ניט איהר אלטע לייט דארפט איצטער פאהרען, איהר וועט נאך מיר שווער מאכען; זארגט ניט, גאטט וועט העלפען עס וועט אוועקגעהן א יאהר אדער צוויי, וועט איהר אויך קענען קומען צו מיר, אדער איך וועל קומען צו אייך צו גאסט – טרייסט זיי דער זוהן מיט פוללע טרעהרען אין די אויגען, גאר קרעפטיגט זיך ניט צו וויינען, ער וויל ניט מצער זיין די עלטערן, ער וויל זיך און נאך מעהר די עלטערן שטארקען ער גלויבט אין זיין צוקונפט, ער איז גרייט צו הארעווען מיט זיינע לעצטע כוחות אבי עס זאל אזוי זיין ווי ער פארזיכערט די עלטערן. –

ווער, וועלכער יוד, קען ניט האבען צו אזא יודישען עמיגראנט מיטלייד און איהם ניט ווינשען א גליקליכען וועג? . . .

טאקי דארט ביים פארט פלעגט מען אויך אפט באגעגענען אזוינע וואס האבען שוין אויסגעיעט צוריקצוקומען פון פאלעסטינא. די לייט האבען שטענדיג געפונען ארום זיך א ראדעל מענשען וואס פלעגען הערען ווי זיי לאבען און מאכען חוזק פון די עמיגראנטען וואס פאהרען קיין פאלעסטינא.

– אז ער איז געוועזען דארט און האט אללעס געזעהן מסתמא ווייסט ער בעסער וואס עס טהוט זיך דארט, צו עס לוינט גאר צו פאהרען אהין, האבען געזאגט די וואס זענען געשטאנען ארום זיי.

ווען דער הערר קישקעמאכער איז געקומען צוריק און מען האט אנגעהויבען ארומשטעלען זיך ארום איהם און אויספרעגען וואס טהוט זיך דארט? א. ר. ג. האט ער זיך מיט גרויס כעס צושריגען.

– משוגעים! וואס האט מען זיך אריינגעקלאפט אין קאפּ „פאלעסטינא"! קארג זענען שוין אומגליקליך געווארן די וואס זענען געפאהרען, פאהרט מען נאך! איך בין דארט געוועזען, איהר פרעגט מיך וועל איך אייך דערצעהלען!

און אלעס וואס דער הערר קישקעמאכער האט דערצעהלט און חוזק געמאכט פון פאלעסטינא און פון די פאלעסטינצעס, האט מען עס אויפגעכאפט, צוגעלעגט נאך פיעל ליגען און עס אבגעדרוקט אין א יודישער צייטונג וואס איז דאנן געווען געגען פאלעסטינא אונטער דעם נאמען „בריעף פון א עמיגראנט"; וואס איהר ווילט איז געוועזען אין די בריעף: סאטירע, חוזק און געלעכטער וועגען גאנץ ארץ ישראל מיט אללע יודען וואס האבען ליעב דאס הייליגע לאנד.

פון אָדֶעססאַ איז הערר קִישֶׁקעמַאכֶער גֶעפָאהרֶען גְלַייךְ אַהֵיים קֵיין פְרִיבֶּעגְדִיוְוקֶע. דָאס בִּיסֶעל גֶעלְד וָואס עֶס איז איהם אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶּען הָאט עֶר צוּגֶעבֶּען אויף וָואכֶער, אויף פְּרָאצֶענְט מִיט אַייזֶערְנֶע וֶועקְסְלֶען אונ גוּטֶע בַּאוָוארֶענִישֶׁען.

דָאס אִיז אַ כְּלַל אִין דֶער צַייט וָואס דֶעם עוֹלָם גֶעהט שְׁלֶעכְט, מַאכֶען דִי פְּרָאצֶענְט־נִיקֶעס, דִי וָואכֶערֶער, דִי בֶּעסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט דֶער וָואס הָאט דָאס אוּמגְלִיק מוּז אָנְקוּמֶען צוּ זַיי, דֶער וֶוערְט זַייעֶר עֶבֶד כְּנַעֲנִי אִין גַאנְצֶען, אויף אַלֶע קָאנְדִיצִיֶעס, אויף דֶעם גְרֶעסְטֶען פְּרָאצֶענְט בַּאשְׁטֶעהט עֶר, דָאס לֶעצְטֶע פַארְמֶעגֶען אַוֶועק צוּגֶעבֶּען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן.

נָאךְ דִי פָּאגְרָאמֶען אִיז יוּדֶען גֶעוָוארן זֶעהר שְׁלֶעכְט, יֶעדֶער הָאט בַּאדַארְפְט גֶעלְד, מֶען זָאל קֶענֶען פַארְרִיכְטֶען דָאס, וָואס דִי פָּאגְרָאמֶען הָאבֶּען שָׁאדֶען אָנְגֶעמַאכְט, בַּיי יֶערֶען אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרָאשֶׁען טַייעֶר וִוי אַ רוּבל.

אָט אִין דֶער בִּיטֶערֶער צַייט, הָאבֶּען דִי פְּרָאצֶענְטְנִיקֶעס גֶעמַאכְט דִי בֶּעסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אַז זַיי אַלֵיין גֶעדֶענְקֶען נִיט אַזוֹינֶע גוּטֶע צַייטֶען, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר זַיי אַזאַ צַייט וִוי אַ חָאלֶערֶע פַאר דָאקְטוֹרִים אונ אַפְּטֶעקֶען.

הֶערר קִישֶׁקעמַאכֶער הָאט זִיךְ אִין אַ קוּרְצֶע צַייט גֶעשְׁטֶעלְט אויף דִי פִּים ד. ה. עֶר הָאט גֶעפִיהרְט אַזאַ וֶועלְט אִין פְּרִיבֶּעגְדִיוְוקֶע וִוי פְרִיהֶער, וִוי גְלַייךְ עֶס זֶענֶען גָאר קֵיין פָּאגְרָאמֶען נִיט גֶעוֶועזֶען, וִוי גְלַייךְ עֶר הָאט קֵיין שָׁאדֶען נִיט גֶעהַאט; מִיט אֵיין זַאךְ הָאט עֶר זִיךְ אִיבֶּערגֶעבִּיטֶען פוּן פְרִיהֶער בִּיז אִיצְטֶער: פְּרִיהֶער פְּלֶעגְט עֶר זִיךְ נִיט מִישֶׁען אִין „דֶער יוּדִישֶׁער לַאגֶע" אִין „דֶער יוּדִישֶׁער פְּרַאגֶע" אונ אִיצְטֶער פְּלֶעגְט עֶר הָאבֶּען פַארגְנִיגֶען זִיךְ צוּ מִישֶׁען. מִיט פִּיעל גֶעלֶעכְטֶער פְּלֶעגְט עֶר בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען חוֹזֶק מַאכֶען פוּן פִישֶׁקעמַאכֶערן מִיט זַיין פַּאלֶעסְטִינְסְקִי אִידֶעֶ אונ פוּן ווִישֶׁקעמַאכֶער מִיט זַיין אַסִימִילִיאצְיֶע, עֶר פְּלֶעגְט זַיי בֵּיידֶע הַאלְטֶען פַאר נַארְרָאנִים וָואס פַארְנֶעמֶען זִיךְ מִיט אַזוֹינֶע פוּסְטֶע זַאכֶען, אונ זִיךְ הַאלְטֶען פַאר אַ גְרוֹיסֶען חָכָם וָואס עֶר הֶערְט זַיי בֵּיידֶע מִיט „פַּאלֶעסְטִינַא" צוּזַאמֶען מִיט „אַסִימִילַיאצְיֶע", וִוי דֶעם פַארַאיָאהרִיגֶען שְׁנֶעע,

– לָאזֶען זַיי זִיךְ בֵּיידֶע שְׁלָאגֶען קָאפּ אִין דֶער וַאנְד אונ אִיךְ וֶועל מִיר מַאכֶען בֶּעסֶער פוּן זַיי, אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין שְׁטֶענְדִיגֶע מֵיינוּנְג בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען, וואוּ אַ גִילְדֶען פַארְדִיעֶנְסְט דָארְט בִּין אִיךְ דָא, בַּיים פַּאלֶעסְטִינֶעץ – בִּין אִיךְ אַ פַּאלֶעסְטִינֶעץ; בַּיים אַסִימִילַיאטָאר, בִּין אִיךְ אֵיין אַסִימִילַיאטָאר!

נוּר אַזוֹי וִוי עֶר הָאט פַארשְׁטַאנֶען אַז שְׁפְּרִינְגֶען אויף צְוֵויי יְרִידִים אִיז נִיט שֵׁאן, עֶר הָאט דָאךְ פָּארְט גֶעוָואלְט זַיין אַ שֵׁאנֶער יוּד, פְּלֶעגְט עֶר טַאנְצֶען אויף אַלֶע יְרִידִים, אָט הָאט מֶען אִיהם הַיינְט גֶעזֶעהן הַאלְטֶען מִיט דֶעם פַּאלֶעסְטִינֶעץ אונ אָט שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ מִינוּט מִיט דֶעם אַסִימִילַיאטָאר אונ שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע מִינוּט פוּנְקט פַארקֶעהרְט.

וֶוען קִישֶׁקעמַאכֶער זָאל זַיין אֵיין אָרִימֶער, קֵיינֶער זָאל צוּ אִיהם נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען וָואלְט מֶען אִיהם בַּאלְד גֶעוִויזֶען דֶעם וֶועג אונ אִיהם גֶעזָאגְט:

– אִיהר זֶענְט גָאר אַ מְשׁוּגָע'נֶער, אִיהר וֵוייסְט נִיט וָואס אִיהר רֶעדְט, מִישְׁט זִיךְ

בְּעֶטְעֶר נִיט אִין נִיט אַייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. קִישֶׁקְעמַאכֶער הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶערֶעכנט וְוִי תָּמִיד פַאר אַ גְבִיר; דְרוּם הָאט דֶער עוֹלָם נִיט בַּאמֶערְקְט אַז עֶר „וֵוייסְט נִיט וָואס עֶר רֶעדְט".

דְרוּם שַׁבָּת וֶוען דֶער עוֹלָם פְּלֶעגְט שְׁמוּעסֶען צְווִישֶׁען זִיךְ וֶועגֶען דִי נַייעסֶען וָואס מֶען הָאט גֶעהֶערְט הַיינְט אִין קְלוֹיז, פְּלֶעגְט מֶען זִיךְ אַזוֹי אוֹיסְדְרִיקֶען:

– וָואס זָאגְט עֶפִּיס דֶער הֶערר פִּישֶׁקְעמַאכֶער?

– פַארשְׁטֶעהט זִיךְ אַז פַאלֶעסְטִינָא.

– נוּ אוּנ הֶערר ווִישֶׁקְעמַאכֶער וָואס הָאט גֶעזָאגְט?

– עֶר זָאגְט אַסִימִילַיאצִיֶע.

– נוּ אוּנ דֶער הֶערר קִישֶׁקְעמַאכֶער, הָאט עֶפִּיס אוֹיךְ גֶעזָאגְט?

– אוֹיבּ עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁפַּארְט אַ גַאנְצֶע שָׁעָה מִיט בֵּיידֶען.

– וָואס זָשֶׁע הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנ וָואס הָאט עָר גֶעוָואלְט?

– גָאר נִיט, עֶר הָאט גֶעזָאגְט „גְלַאט אַזוֹי".

אָט אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער הֶערר קִישֶׁקְעמַאכֶער פַארדִיעְנְט דֶעם נָאמֶען „דֶער גְלַאט אַזוֹי", פּוּנְקְט וִוי פִּישֶׁקְעמַאכֶער – „דֶער פַאלֶעסְטִינֶעץ" אוּנ וִוי ווִישֶׁקְעמַאכֶער – „דֶער אַסִימִילַיאטָאר".

דִי דְרַיי פַארְשׁוֹין הָאבֶּען גֶעפִיהרְט דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶעל פְּרִיבֶּעגְדְרִיוְוקֶע בַּיי דֶער נָאז אוּנ דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶעל הָאט גֶערֶעדט אוּנ אִיז גֶעוָועזֶען פַארנוּמֶען נוּר קָיִם צֵיי.



# עֶפִּילָאג (ש׳ ל׳

שוין אַ יָאהר פִינְף אַז אַללֶע יוּדֶען זֶענֶען פַּארנוּמֶען מִיט דֶעם זֶעלְבֶען וָואס דִי פְּרִיבֶּענְדִיוְוקֶער דְרַייִ פַּארְשוין זֶענֶען פַּארנוּמֶען, דָאס יָאהר אָדֶער דִי צְוַויי יָאהר פוּן דִי פָּאגְרָאמֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ גַאנְץ אִיבֶּערקֶעהרֶענִעשׁ אִין דֶער יוּדִישֶׁער וֶועלְט וָואס רַאבְּט זִיךְ קַיין צְוַויי יָאהרהוּנְדֶערְט וָואלְטֶען אַזַא פַּארֶענְדֶערוּנְג נִיט גֶעקָאנְט אָנְמַאכֶען.

מֶען קֶען זִיךְ טַאקִי נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ וואוּנְדֶערן אויף דֶער גְרויסֶער פֶערֶענְדֶערוּנְג! שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר פְרִיהֶער בִּיז דֶעם לֶעצְטֶען טָאג פַאר דִי פָּאגְרָאמֶען זֶענֶען יוּדֶען גֶעוֶוען פַּארנוּמֶען דֶערמִיט: דִי חֲסִידִים מִיט זַייעֶר רֶבִּין אוּנ מִיט זַייעֶר חֲסִידִישׁ, מִתְנַגְדִים מִיט זַייעֶר מִתְנַגְדִישׁ אוּנ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג קְרִיגֶען מִיט חֲסִידִים, פוּן עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ הָאבֶען זַיי נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען, מַשְׂכִּילִים זֶענֶען גֶעוֶוען פַּארנוּמֶען דֶערמִיט מֶען זָאל דִי יוּדִישֶׁע לַאגֶע פַּארבֶּעסֶערן אִין רוּסְלַאנְד, מֶען זָאל זִיךְ אויסְפַּייגֶען, מֶען זָאל גֶעפֶעלֶען יֶ ע נֶ ע ם, מֶען טהוּט זִיךְ אָן קְלֵיידֶער וִוי זֵ י י, מֶען סְטַארִיט זִיךְ רֶעדֶען אויף דֶער שְׁפְּרַאכֶע וִוי זֵ י י. מֶען הָאט עֶרְצוֹיגֶען יוּדִישֶׁע קִינְדֶער וִוי זֵ י י, מִיט אֵיין וָוארְט דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע לֶעבֶען פַּארבִּיטֶען אויף זֵ י יעֶ ר לֶעבֶען, נִיט נוּר דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶען, נוּר אֲפִילוּ דִי יוּדִישֶׁע רֶעלִיגְיֶע, דָאס יוּדֶענְטְהוּם. דִי יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים הָאט מֶען אויךְ פַּארֶענְדֶערְט פַאר זֵ י י, מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מַאכֶען יוּדִישֶׁע קָאר שׁוּלֶען אויף אַזַא פְּלַאן וִוי זֵ י יעֶ רֶ ע מֶען זָאל נִיט דֶערקֶענֶען אַז עֶס זֶענֶען יוּדִישֶׁע, דֶעם חַזָן מִיט דִי מְשׁוֹרְרִים הָאט מֶען אָנְגֶעקְלֵיידֶעט וִוי זַייעֶרֶע א. ז. וו. אוּנ ז. וו. וִוי בַּיי זֵ י י

דִי יוּדִישֶׁע אִינְטֶעלִיגֶענְץ, וָואס דָאס מֶעהר זֶענֶען אויסְגֶעוַואקְסֶען פוּן חֲסִידִישֶׁע אוּנ מִתְנַגְדִישֶׁע קִינְדֶער וֶועלְכֶע הָאבֶען זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען מִיט זַייעֶרֶע פַאנַאטִישֶׁע עֶלְטֶערן אוּנ פַאר זַייעֶר גֶעלְד פוּן דִי שֶׁאנְקְלִיךְ אוּנ קְלֵייטְלִיךְ גֶעלֶערנְט אִין גִימְנַאזְיֶעס אוּנ אִין אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען אוּנ גֶעוָוארן דָאקְטוֹרִים, יוּרִיסְטֶען, אִינְזְשֶׁענֶערֶען, הָאבֶען גָאר פַיינְד גֶעקְרִיגֶען יוּדֶען, דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטְהוּם מִיט דִי יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים, זַיי הָאבֶען גָאר אֲפִילוּ נִיט גֶע־וָואלְט זֵ י י גֶעפֶעלֶען אַלְס יוּד, זַיי הָאבֶען בֶּעהַאלְטֶען זַייעֶר יוּדִישֶׁען נָאמֶען אוּנְטֶער צֶעהְן שְׁלֶעסֶער, מֶען זָאל ח״ו נִיט דֶערקֶענֶען, אַז זַיי קוּמֶען אַרוּיס פוּן יוּדֶען. זַיי הָאבֶען זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָבְגֶעטְהֵיילט פוּן יוּדֶען אוּנ פוּן יוּדִישְׁקַייט בִּכְלַל, זַיי זֶענֶען אַלֵיין גֶעוָוארֶען וִוי זֵ י י, אֲפִילוּ דֶעם שַׁבָּת אויף זוּנְטָאג אויךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען

וָואס זְשֶׁע זֶעהֶען מִיר אָבֶּער אִין אַ יָאהר צְוַויי אַרוּם? אֵיין אִיבֶּערְגֶעקֶערֶענִעשׁ אִין גַאנְצֶען! עֶס אִיז גָאר דִי אַללֶע קְלַאסֶען יוּדֶען נִיט צוּ דֶערקֶענֶען: חֲסִידִים, מִתְנַגְדִים, מַשְׂכִּילִים, דִי אִינְטֶעלִיגֶענְצִיַא אַללֶע, אַלְלֶע צוּזַאמֶען וִוי אֵיין מֶענְשׁ הָאבֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען פַאר יוּדֶען מִיט דֶעם יוּדֶענְטְהוּם, פַאר דִי יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים, אַללֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן: „גֶענוּג זִיךְ נָאכְקְרִימֶען יֶענֶעם וִוי מַאלְפֶּעס״, גֶענוּג זִיךְ מַאכֶען נַארִישׁ וִוי אַלְטֶע מוֹידֶען פּוּצֶען זִיךְ אוּנ ווִילְלֶען גֶעפֶעלֶען יוּנְגֶע לַייט״, גֶענוּג זִיךְ גֶעמַאכְט

צום נארר פַאר יֶענֶעם ! און מֶען הָאט אָנגֶעהויבֶּען שְׁרַייֶען „יוּדִישׁ !" „יוּדִישׁ", מֶען הָאט אָנגֶעהויבֶּען לֶעבֶּען און זִיךְ פִירֶען יוּדִישׁ, יוּדִישֶׁע סְטוּדֶענְטֶען הָאבֶּען אֲפִילוּ כָּשֵׁר'ס אָנגֶעהויבֶּען צו עֶסֶען און פון אַללֶע יָמִים טוֹבִים און שַׁבָּתִים הָאלְטֶען, דִי וָואס הָאבֶּען פַארגֶעסֶען אַ וָוארְט יוּדִישׁ הָאבֶּען זִיךְ אָנגֶעהויבֶּען אויף דִי עֶלְטֶערֶע יָאהרֶען צו לֶערְנֶען „אַלֶף בֵּית".

וָואס זְשֶׁע הָאט זִיךְ אָבֶּער אויסגֶעלָאזְט דֶערפוּן ? – עֶס הָאט זִיךְ אויסגֶעלָאזְט וְוִי עֶס לָאזְט זִיךְ ב"ה אוים שְׁטֶענְדִיג בַּיי יוּדֶען ; אַללֶע נַייֶע פְּלֶאנֶער הויבֶּען אָן יוּדֶען גוּט, מֶען פְּלַאנִירְט אוים אַזוֹי רִיכְטִיג, אַזוֹי גוּט אַז מֶען מֶעג אויף דֶעם נַייֶעם פְּלַאן גֶעהן וְוִי אויף אֵיין אַייזֶערְנֶער בְּרִיק, נוּר אויסלָאזֶען לָאזְט זִיךְ אוים שְׁטֶענְדִיג מֶען פַאלְט אַרַיין, מֶען צוּבְּרֶעכְט זִיךְ רוּק און לֶענְד וְוִי מֶען זָאל גֶעהן אויף אַ פַּאפִּירֶענֶער בְּרִיק.

דָא הָאט זִיךְ אויךְ בַּאלְד אַזוֹי אויסגֶעלָאזְט, וְוִי דֶער שְׁטַיינֶער אִיז בַּיי יוּדֶען, מֶען הָאט זִיךְ צוּטְהֵיילְט אויף צְווייא צְדָדִים – „אַמֶעריַקאנְצֶעס" און „פַּאלֶעסְטִינְצֶעס". –

דִי אַמֶערִיקאנְצֶעס הָאבֶּען אַ גְרָאשֶׁען נִיט גֶעגֶעבֶּען און הָאבֶּען נוּר גֶעשְׁרִיעֶן „קֵיין אַמֶערִיקַא זָאלֶען אוּנזֶערֶע אוּמגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער פָאהרֶען", זֵיי הָאבֶּען גֶעלויבְּט אַמֶערִיקַא אִין הִימֶעל אַרַיין און דָארְט פָארגֶעשְׁטֶעלְט גְלִיקֶען, אָבֶּער נוּר מִיט וֶוערְטֶער, אֲפִילוּ אויף הוֹצָאוֹת „דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע" נִיט גֶעגֶעבֶּען, זֵיי הָאבֶּען זֵיי נוּר אָנגֶעשִׁיקְט אויף דִי אויסלֶאנְדִישֶׁע יוּדֶען און יֶענֶע הָאבֶּען גֶעמוּזְט הֶעלְפֶען און גֶעבֶּען. – דֶערנָאךְ, וְוִי עֶס אִיז בַּאקַאנְט וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אויסגֶעלָאזְט פוּן דִי אַמֶערִיקאנְצֶעס אַ טֵייךְ צוּזַאמֶען מִיט דִי סַךְ טוֹיזֶענְדֶער וָואס דִי אויסלֶענְדֶערְשֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען, דֶענְסְטְמָאל הָאבֶּען זִיךְ דִי אַמֶערִיקאנְצֶעס גֶעגֶעבֶּען אַ נַייֶעם נָאמֶען „אַסִימִילַאטָארֶען" און הָאבֶּען אָנגֶעהויבֶּען שְׁרַייֶען אַז מֶען דַארְף אִין עֶרְגֶעץ נִיט פָאהרֶען, מֶען זָאל בְּלַייבֶּען אִין דֶערְהֵיים, אַי אִין דֶערְהֵיים אִיז שְׁלֶעכְט און בִּיטֶער, מֶען לָאזְט נִיט לֶעבֶּען, גִיבֶּען זֵיי אֵיין עֵצָה טַאקִי דִי פְּרִיהֶערְדִיגֶע מַעֲשֶׂה : „מֶען זָאל זִיךְ פּוּצֶען און פַּיינֶען פַאר זֵיי און נָאךְ און נָאךְ, [illegible] מִיר זֵיי גֶעפֶעלֶען", אָבֶּער טַאקִי נוּר מִיט וֶוערְטֶער, קֵיינֶער פוּן דִי שְׁרַייֶער „אַסִימִילַאצְיֶע" טְהוּט נִיט אַרַיין דִי הָאנְד אִין קֶעשֶׁענְע מֶען זָאל גֶעבֶּען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען צוּ פַארבֶּעסֶערְן דִי לַאגֶע פוּן דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין רוּסְלַאנְד. –

דָאס הָאט אִיהר דֶעם גַאנְצֶען חֶשְׁבּוֹן פוּן דִי גֶעוֶועזֶענֶע „אַמֶערִיקאנְצֶעס" און אִיצְטִיגֶע „אַסִימִילַאטָארֶען".

דִי „פַּאלֶעסְטִינְצֶעס" שְׁרַייֶען : „קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא אִין אוּנזֶער הֵיילִיג לַאנְד", דָאס וָוארְט „פַּאלֶעסְטִינַא" הָאט וְוִי אַ שְׁוֶועבֶּעלֶע אָנגֶעצוּנְדֶען בַּיי יֶעדֶען יוּדֶען זַיין יוּדִישׁ הַארְץ, יֶעדֶער יוּד אִיז גְרֵייט צוּ גֶעבֶּען און מִיטְהֶעלְפֶען מִיט וָואס עֶר קֶען, צוּ דֶעם הֵיילִיגֶען צְוֶועק, דֶער יוּדִישֶׁער עוֹלָם רֶעדְט נוּר וֶועגֶען פַּאלֶעסְטִינַא און דִי אַסִימִילַיאטָארֶען הֶערֶען נִיט אויף צוּ שְׁרַייֶען און חוֹזֵק מַאכֶען פוּן דִי פַּאלֶעסְטִינְצֶעס.

וָואס הָאט זִיךְ דֶערוַוייל אויסגֶעלָאזְט פוּן דִי בֵּיידֶע צְדָדִים צוּזַאמֶען ? וֶועט אִיהר פְרֶעגֶען, – כִּמְעַט גָאר נִישְׁט ! עֶס הָאט זִיךְ אויסגֶעלָאזְט, וְוִי עֶס לָאזְט זִיךְ אוים ב"ה

ביי יודען, די צָרָהים קְרִיגֶען זִיךְ ווי אִין אַ יוּדִישֶׁער קְלויז, אִין דִי יוּדִישֶׁע גַאזֶעטֶען פִיהרֶן זִיךְ וֶועגֶען די צָרָהים אַ גְרויסֶע מַחֲלוֹקֶת אוּנ מֶען מֵיינְט אַז עֶס אִיז „תּוֹרַת לַאקְשֶׁען", די גַאנְצֶע „יוּדִישֶׁע פְרַאגֶע" „די יודישֶׁע לַאגֶע" הֶענְגְט נוּר אָב פוּן דֶעם ווי די מַחֲלוֹקֶת אִין די גַאזֶעטֶען וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען.

צְווִישֶׁען די פַּאלֶעסְטִינְצֶעס הָאבֶען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעפוּנֶען שְׁרֵייבֶּער אוּנ פָּאֶעטֶען וָואס בַאזִינְגֶען אוּנ בַאשְׁרַייבֶּען אִין גֶעדִיכְטֶע, אִין רָאמַאנֶען אוּנ אִין עֶרְצֶאהלוּנְגֶען דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד, די בֶּארְג אוּנ די מָאהלֶען, ווי די טַייבֶען פְּלִיעֶסֶען אוּנ די וֶואלְדֶער רוֹישֶׁען אוּנ דָאס יוּנְגֶע מֵיידֶעל אוּנ דֶעם שֶׁעֶנֶעם בָּחוּר ווי זֵיי פִיהרֶען אַ לִיעבֶּע דָארְט גֶעבֶּען די פַייגֶענְבּוֹימֶער, אַלִץ אַזוֹי שֶׁאן, אַזוֹי זִיס, אַז דֶער וָואס לֵייעֶנְט וִויל אַזוֹי אַלֶעס אַוֶועקְוַוארְפֶען אוּנ אַוֶועק פְלִיהֶען אַהִין וואו עֶס אִיז אַזוֹי שֶׁאן אַ לִיעבֶּע צוּ פִיהרֶען.

די „אַסִימִילַאטָארֶען", הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעבֶּען פּוּנְקְט פַארְקֶעהרְט אוּנ מַאכֶען חוֹזֶק פוּן דֶעם אַלֶעמֶען. —

דֶער וָואס אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ אוּנ וִויל וִויסֶען ווי עֶס אִיז אִין יֶענֶער צַייט גֶעשְׁטַאנֶען די פַּאלֶעסְטִינִישֶׁע בֶּעוֶועגוּנְג זָאל זִיךְ אַם בֶּעסְטֶען צוּהֶארֶען וָואס דֶער עוֹלָם, דָאס פָאלְק, הָאט דַאנְן גֶערֶעדט וֶועגֶען דֶעם, וֶועט עֶר פִיעל רִיכְטִיגֶער וִויסֶען ווי פוּן דֶעם לֵייעֶנֶען פַארשִׁיעדֶענֶע בַּאשְׁרַייבּוּנְגֶען מִיט פָּאלֶעמִיקֶעס אִין די יוּדִישֶׁע צַייטוּנְגֶען פוּן אֵיינְצֶעלְנֶע מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע לָאזֶען זִיךְ פַארפִיהרֶען פוּן זֵייעֶר פַאנְטַאזִיֶע אוּנ שְׁרַייבֶּען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, חָאטְשׁ קֵיינֶער הָאט זֵיי נִיט גֶעהֵייסֶען —

אוּנ אַזוֹי לָאמִיר זִיךְ צוּהֶארֶען צוּם עוֹלָם:

שַׁבָּת, אַפּוֹלֶע קְלוֹיז מִיט מֶענְשֶׁען, אַלֶע רֶעדֶען פוּן וֶועלְט נַייעֶס ד. ה. פוּן פַּאלֶעסְטִינָא אוּנ אַסִימִילַאצְיֶע. אַיינֶער טְהוּט פְּלוּצִים אַ חַאפּ דֶעם אַנְדֶערְן אוּנ שְׁטֶעקְט אַרַיין אַיין הַאנְד אִין גַארְטֶעל אוּנ מִיט אַיין הַאנְד בַּיי דֶער בָּארְד פּוּנְקְט ווי עֶר וִויל דָא פְרֶעגֶען אַ הַארְבֶּע תּוֹסְפוֹת קַשְׁיָא:

— זָאג מִיר מִיט וֶועמֶען הַאלְסְט דוּ: מִיט אַסִימִילַאצְיֶע צוּ מִיט פַּאלֶעסְטִינָא?

— אִיךְ וֵוייס חְלֶעבֶּען נִיט וָואס דִיר צוּ עֶנְטְפֶערן, פְרִיהֶער וָוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה, גֶעדֶענְק אִיךְ ווי הַיינְט, אַז אִיךְ הָאב גֶעהַאלְטֶען מִיט דֶעם פְרַאנְצוֹיז אִיבֶּער אַ מַעֲשֶׂה וָואס בִּיסְמַארְק הָאט אוֹיפְגֶעטְהוּן, אִיךְ גֶעדֶענְק נִיט אַקוּרַאט די מַעֲשֶׂה, נוּר אִיךְ הָאב גֶעהַאלְטֶען מִיט דֶעם פְרַאנְצוֹיז; שְׁפֶּעטֶער וֶוען עֶס אִיז וַוייטֶער גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה הָאב אִיךְ גֶעהַאלְטֶען מִיט דֶעם טֶערְק, וָוארוּם נָאךְ מַיין שֵׂכֶל נָאךְ, זֶענֶען די טִירְקֶען גֶעוֶועזֶען גֶערֶעכְט, וָוארוּם צוּ די רַאנְגֶעלֶען (דַארדַאנֶעללֶען) הָאט דֶער טֶערְק מֶעהר גֶעהַאט שַׁיִיכוּת זִיךְ דָארְט דוּרְכְגֶעהְן מִיט זַיין חַיִל, הַיינְט וָואס שְׁטוּפְּסְט דוּ זִיךְ דָא?

— מִיט פַּאלֶעסְטִינָא צוּ מִיט אַסִימִילַאצְיֶע? פְרֶעג אִיךְ דִיךְ אוּנ דוּ עֶנְטְוֶוערְסְט מִיר מִיט דֶעם טֶערְק, מִיט דֶעם פְרַאנְצוֹיז, אִיז אִיהם יֶענֶער אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דִי בֵּי"ד, וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהן ווי עֶר וִויל זִיךְ נוּר אַרַיינְלָאזֶען אִין פָּאלִיטִיקֶע. —

— וֶועגֶען פַּאלֶעסְטִינָא אוּנ עֶפֶּס נָאךְ פְרֶעגְסְט דוּ מִיךְ? חְלֶעבֶּען אִיךְ וֵוייס נָאךְ נִיט וָואס דָאס אִיז, אִיךְ בִּין נָאךְ נִיט אַזוֹי גוּט קְלָאר אִין דֶער זַאךְ, אִיךְ הָאב שׁוֹין אֲפִילוּ

געפּרעגט ביי לייבּציש מבקר וואס ער איז בעת מלחמה קלאר אין אלעם ווי א וואסער אונ איצטער איז ער אויך עפּיס אויף דער זאך שלומפּעק אין דער עברי, נור עס האט זיך ערשט אנגעהויבען, מיר וועלען נאך זעהן.

– שוטה, עס איז דען היינט אמלחמה?

– איך וויים אז עס הערט זיך היינט ניט קיין מלחמה, נור אומזיסט איז דאס ניט עפּים איז דאס, אז די גאזעטען שרייבען נור דערפון.

אין איין אנדער ארט שטעהט אויך א ראדל פון א דריי פיער מענשען אונ מען רעדט אויך דערפון:

– איין אומגליק, גאר איין אומגליק מיט די אפּיקורסים, שטענדיג טראכטען זיי אויס נייעס אבי אונז יודען צרות אנטהון. פאר עטליכע יאהרען ווען מיין עלטערער זוהן איז אונטערגעוואקסען, האב איך מיט מיין פלונית׳טע זאל לעבען זיך שטענדיג געריסען מיט איהם, ער איז פארברענט געווארן אין די ביכלעך ביז עס האט געבראכט צו אזא סוף – ער איז גאר אנטלאפען פון אונז אין די שקאלעס אונ איך האב גענוג בזיונות געליטען; איצטער שרייעט מיין יונגערער זוהן, בעריש׳ל, אז ער וויל קיין פאלעסטינא. איין אומגליק, איין אומגליק מיט די היינטיגע קינדער, יענער האט געשריען אין דער נימנאזיע אונ דער קיין פאלעסטינא, אבי טאטע מאמע זאלען האבען צרות, כדאי חלעבען צו הארעוועןען פאר קינדער אונ זיי האלטען אזוי פיעל יאהר אין א חדר אונ זיך אויס-ברענגען אויף שכר לימוד.

– אונ איך האב ערשט יענע וואך, געגעבען אויף פאלעסטינא א רובל, האט זיך אנגערופען א דריטער, דאכט זיך איהר וואס איהר שרייעט אזוי אויף פאלעסטינא האט אויך געגעבען צוויי רובל, זיי האבען מיר געוויזען דאס צעטעל

– איך וויים, זיי זענען ארומגענאנגען האב איך געגעבען, ווען עס איז געוועזען די מלחמה ניט לאנג, זענען זיי אויך ארומגעגאנגען עפּים אויף זייערע א זאך, האב איך אויך געגעבען צוויי רובל, ווי אזוי קען מען אבזאגען? ווען מיר בעלי בתים וועלען ניט געבען, ווער דען וועט געבען? נור איינם מיט דעם אנדערן געהער זיך גאר ניט אן, דערווייל האב איך צרות מיט מיין בערעלען, ער לאזט אונז ניט לעבען מיט פאלעסטינא. –

– וואס וויל ער מיט פאלעסטינען?

– איך זאל מיט אייך אונ מיט אללע יודען ניט וויסען פון קיין שלעכטס, ער זאגט אז מיר פארשטעהען גאר ניט, פאלעסטינא איז טאקי אונז לטובה, ער זאגט אז עס איז ארץ ישראל, יודען דארפען געהן קיין ארץ ישראל, יודען זענען שוין גענוג פארשווארצט געווארן, עס איז שוין צייט! פארשטעהט זיך אז אללע בייזע חלומות האב איך אויסגעלאזט צו זיין קאפ, שאנע יאהרען דערלעבט אומשטיינס געזאגט, אפּיקורסים וואס מאכען שטענדיג חוזק פון יודען, וועלען אונז פיהרען קיין ארץ ישראל!

אַללֶע הָאבֶּען זִיךְ שְׁמַארְק צוּלַאכְט פוּן דֶעם נַארִישֶׁען יוּנְגֶעל בֶּערִישֶׁען אוּנ מֶען הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדט וֶועגֶען דֶעם עִנְיָן . —

ג.

* *

אִין יֶענֶע יָאהרֶען אִיז כִּמְעַט אִין יֶעדֶען שְׁטֶאדטֶעל אויסגֶעוַואקְסֶען אַ „חֶבְרָה פַאלֶעסְטִינְצֶעס" וֶועלְכֶע פְלֶעגֶען זִיךְ צוּזַאמֶענקוּמֶען גַאנְץ אָפְט .

דָא גֶעפִינֶען זִיךְ יוּנְגֶע לַייט , פְרַיילִינְס , אויךְ עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען , מֶאנֶער מִיט זַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן , זֵיי רֶעדֶען אוּנ אַמְפֶּערֶען זִיךְ :

— נוּ וַוייטֶער פַארבְּרַאכְט אַ גַאנְצֶען אָבֶענְד , הָאט זִיךְ אָנגֶערוּפֶען אַ קַאלְטֶער חוֹבֵב צִיוֹן צוּ וָואס זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען ? דֶער הָאט גֶערֶעדט גַאנְצֶע צְוֵויי שָׁעָה מִיט פַייעֶר פַאר פַאלֶעסְטִינַא , דֶער הָאט זִיךְ אַרַיינגֶעמִישְׁט אוּנ אויךְ גֶעזָאגְט זַיין דֵעָה , דֶער הָאט אויפגֶעגֶעבֶּען נוּר נַייעֶ פְּלֶאנֶער , יֶעדֶער הָאט עֶפִּיס גֶעזָאגְט . נוּר צוּ וָואס מֶען אִיז גֶעקוּמֶען וַוייס אִיךְ נִיט , צוּ וָואס הָאט מֶען פַארבְּרַאכְט אַ גַאנְצֶען אָבֶענְד פַארשְׁטֶעה אִיךְ נִיט אוּנְז לַאכְט מֶען דֶערְנָאךְ אוֹיס אוּנ מֶעהר נִיט ; וִוי מִיר זֶעהֶען פוּן דִי גַאזֶעטֶען אִיז אִין פַאלֶעסְטִינַא אויךְ נִיט אַזוֹי שֶׁאן , עֶס קָאסְט נוּר אוּמזִיסְט גֶעלְד מֶען דַארְף זֶעהן צוּ הָאבֶּען מִיר עֶפִּיס צוּ טְהוּן , צוּ אִיז גָאר אוּמזִיסְט אוּנְזֶער צַייט , אוּנְזֶער הָאפְנוּנְג . . . וָואס אִיז פַארלוֹירֶען .

- וָואס ווילְט אִיהר זָאל זִיךְ טְהוּן ? הָאט אֵיינֶער אַ פַארבְּרֶענְטֶער פַאלֶעסְטִינֶעץ גֶעעֶנְטְפֶערְט , וָואס אִיז פַאר אַ הָאפְנוּנְג , וָואס מַאכְט אִיהר אַזַא טַארַארַאם פוּן פַאלֶעסְטִינַא ? אִיהר זֶעהְט אַ פָּנִים אויךְ פוּן דִי רִירֶענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס קֶענֶען גָאר נִיט לֶעבֶען כָּל זְמַן עֶס טְהוּט זִיךְ נִיט , עֶפִּיס עֶס דְרֶעהט זִיךְ נִיט , עֶס פְלִיהט נִיט . אִיהר זָאגְט , מִיר פַארבְּרֶענְגֶען אוּמזִיסְטֶע אָבֶענְדְס , אוּמזִיסְטֶע צַייט , גָארנִיט , אוּמזִיסְט . אִין דִי צַייטֶען וֶוען מִיר פְלֶעגֶען פַארבְּרֶענְגֶען גַאנְצֶע אָבֶענְדְס מִיט לִידֶער פוּן „פַארַאסֶקֶען מִיט אִיוַואנֶען" זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווִיכְטִיגֶער ? מִיט אַייעֶרֶע אִיצְטֶערְדִיגֶע עֶטְלִיכֶע ווֶערְטֶער הָאט אִיהר אוּנְז דֶערמַאנְט אִין דִי אַללֶע זַאכֶען וָואס מֶען בַּאשׁוּלְדִיגְט אוּנְז , טַאקִי אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע יוּדֶען , וָואס רוּפֶען זִיךְ אָן אַסִימִילַיאטָארֶען : דָאס עֶרְשְׁטֶע פַארבְּרֶעכֶען אִיז וָואס מִיר רוּפֶען זִיךְ אָן „פַאלֶעסְטִינְצֶעס" אוּנ אִין פְרַייעֶר צַייט , בַּיי אַ גְלָאז טְהֶעע גֶעהֶען מִיר זִיךְ צוּזַאמֶען אוּנ רֶעדֶען פוּן פַאלֶעסְטִינַא , מִיר זֶענֶען גֶעגֶען צִיווִילִיזַאצְיֶע , לַאבֶען זֵיי מִיט פֶערשִׁידֶענֶע ווִיצֶען אויף אוּנְזֶער חֶשְׁבּוֹן , מִיר ווִילֶען ווֶערֶען יוּדִישֶׁע גֶענֶערַאלֶען , פָאלְקָאווְנִיקֶעס אוּנ קָאזַאקֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל , מִיר ווִילֶען אָנְהוֹיבֶּען פָאהרֶען צוּם רֶבִּין , גֶעהן אִין מִקְוֶה מִיר ווִילֶען מֶען זָאל זִיךְ צוּרִיק אָנְטהוּן אִין פַאנְטָאפֶעל מִיט לַאנְגֶע פֵּאוֹת , אִין קַאפָּאטֶעס מִיט סְטְרָאקֶעס . יוּדִישֶׁע קִינְדֶער זָאלֶען מֶעהר נִיט לֶערְנֶען אִין דִי שׁוּלֶען אוּנ אִין דִי אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען . עֶס פַארשְׁטֶעהט זִיךְ אַז חוֹזֶק מַאכֶען אוּנ שְׁפֶּעטֶען פוּן יֶענֶעם אִיז דִי גְרִינְגְסְטֶע זַאךְ , מִיר , וָואס זֵיי רוּפֶען אוּנְז אָן „פַאלֶעסְטִינְצֶעס" וָואלְטֶען גֶעקֶענְט זַיין גֶעוֶוען אוּנ אויךְ לַאכֶען אוּנ חוֹזֶק מַאכֶען , נוּר מִיר פַארשְׁטֶעהֶען נִיט וִוי קֶען אַ יוּד אִיצְטֶער לַאכֶען וּבִפְרַט נָאךְ פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער , לַאכֶען אוּנ שְׁפֶּעטֶען פוּן יוּדֶען

קען נור אַזאַ יוד װעלכער איז שטענדיג זאַט פאַרזיכערט מיט פּרנסה , אַזאַ יוד װאָס קען ניט יודען , דאָס יודענטהום און האָט ניט געליטען פאַר יודען

— אַז אַ יודען איז איצטער ניט צום לאַבען און חוזק מאַכען האָט איהר רעכט , נור װאָס װאָלט איהר געקענט ענטװערן אויף די אַללע זאַכען װאָס מען באַשולדיגט אייך פאַלעסטינצעס מיט אייערע אידעעס

— רופט אונז ניט „פאַלעסטינצעס", ניט אונז ניט קיין טיטולען, רופט אונז „יודען" און אונזער אידעע „יודיש!" װארום עס איז כמעט אַלץ איינס, דער װאָס איז אַ „פאַלעסטינצעץ" דער איז אַ יוד און דער װאָס איז אַ יוד דער איז אַ פאַלעסטינעץ און זיין אידעע איז יודיש ; מיר זאָגען עס דערפאַר װאָס אונז גלויבט זיך ניט עס זאָל זיך גאָר געפינען אַ יוד װאָס זאָל צו אונז האָבען טענות און אונז נאָך באַשולדיגען דערפאַר װאָס מיר יודען געהען זיך צוזאַמען און פאַרברענגען די פרייע צייט „יודיש", מיר רעדען פון יודישע אינטערעסען , פון דער יודישער לאַגע . צו דערפאַר װאָס מיר זאָגען אַז מיר דאַרפען אויפהערען בילדען , לערנען אונזערע קינדער פאַר יעגעס , מיר זאָלען זיי געפעלען , פאַר זיי זיך אויספיינען און פוצען , אין דער צייט װען זיי אַליין זאָגען אַז זיי דאַרפען ניט אונזער פוצען , זייט בעסער מענשען פאַר זיך , סטאַרעט זיך זיך אַליין געפעלען , פוצט זיך אוים פאַר זיך , װעט איהר ממילא יעדען געפעלען; נור, זאָגען מיר „יודען" אָדער „פאַלעסטינצעס" װי איהר רופט אונז אָן : אז מיר און אונזערע קינדער דאַרפען לערנען און זיך בילדען פאַר זיך , פאַרשטעהען מיר ניט װעלכער יוד , װעלכעס יודיש הארץ , נאָך דעם אַלעם װאָס מיר האָבען איבערגעלעבט די לעצטע צייטען , קען זאָגען אַז פריהער האָבען מיר זיך געפיהרט בעסער ? פריהער װען מיר האָבען זיך געבילדעט פאַר אונזערע יודישע עלטערנס מיהע , פאַר יודיש געלד , האָבען מיר פון יודען , פון דער יודישער לאַגע ניט געװאָלט װיסען , מיר האָבען זיך געשעמט מיט דעם נאָמען יוד , קיין יודיש װאָרט איז אויף אונזער מויל ניט געקומען , געװאַלד ! װעלכער יוד קען זאָגען אויף אונז אַז פריהער האָבען מיר זיך געפיהרט גוט און איצטער שלעכט ! צו אפשר דערפאַר קען מען אונז שולדיגען װאָס װען דער יודישער שענקער , דער קרעמער , דער מעקלער , דער אָרימער יוד , קלאָגט זיך אויף זיין לאַגע , אויף זיין װיסטער פּרנסה , און שרייעט ער װיל האָרעװען , אַבי מען זאָל איהם געבען אָדער חאָטש ראַטהען װאָס צו טהון , צו װאָס זיך נעמען , זאָגען מיר איהם אַז דאָס גלייכסטע איז צו פאָהרען קיין פאַלעסטינא װאו דער יוד מעג קויפען ערד און אַרבייטען , און טאָמער איז איהם שװערליך אַהין צו פאָהרען , העלפען מיר איהם מיט גראָשענס מיט װאָס מיר קענען נור , דערפאַר זאָל מען אונז בעשולדיגען ? דאָס קענען מיר גאָר ניט פאַרשטעהן , דאַכט זיך יעדער יוד װאָס פאָהרט קיין פאַלעסטינא ברענגט אין צװייען אַ טובה : די היגע אָרימע לייט װערד געראַמער , און אין דעם הייליגען לאַנד קומט צו אַ יודישער ערד אַרבייטער . . . מיר קענען אַװדאי ניט לייקענען און זאָגען דעם אמת אַז ניט מיט אַלעם מאַכען די פאַלעסטינצעס גוט , מען מאַכט פיעל פעהלער ; נור װאו האָט איהר געזעהן גוטס אָהן שלעכטס ?

דער הייסער חובב ציון האט באמערקט אז איניגע האבען פון זיין רעדע אנגע־הויבען גענעצען האט ער זיך מיט פייער אנגערופען , כמעט אויסגעשריען :

– עס ווייזט אויס אז עס איז אייך היינטיגען אבענד לאנגווייליג , קענט איהר אייף דער צווייטער זיצונג בלייבען אין דער היים און פערברענגען פראהליכער ; מיר נאטהען קיינעס ניט און שלעפען ניט ביי די פאלעס אונזער טהיר איז אפען פאר יעדען .

ווען ער האט געענדיגט רעדען האט מען געזעהן ווי מהייל ווענען מיט פערגניגען זיך צוגאנגען אהיים , נור אויף מארגען איז מען ווייטער געגאנגען „צו דער חברה״ . עס האט עפּיס פאר לייטען ניט געפאסט צו ווערען אוים חברה מאנן , זוים פאלעסטינעץ . . .



ביים ענדיגען דאס ערצאהלונג , ערלויב איך זיך צו בעמערקען אז אין דעם ערצאהלונג האב איך נור איבערגעגעבען די פאקטען ארום אונז וואס האבען זיך אין יענער צייט געווארפען יעדען אין די אויגען , וואס עס קומט אבער פאר מיט אונזערע ערד ארבייטער דארט – אין פאלעסטינא איז דער וויל ניט מעגליך מען זאל איצטער ערענסט קענען שרייבען אין איין ערצאהלונג . עס איז נאך אלץ אזוי רוי , אזוי ניט פארטיג , ניט איינגעקאכט , אז עס איז ניט מעגליך איינצובייסען אין איין ערצאהלונג אדער אין איין ראמאן . באוויזען די טאלען , בערג , פייגענבוימער מיט די מילגרוימען פון ארץ ישראל , צו אויסמאלען דארט א יונג מיידיל מיט א יונגען מאנן וואס פיהרען א ליעבע אונטער א לארבער בוים איז נאך ניט גענוג .

סט, פעטערסבורג 1886



# די אייראָפּעאישע ליטעראַטור

## אונטער דער רעדאַקציע

## פון אברהם רייזען.

---

50 ביכער
אייראָפּעאישע ליטעראַטור
12 ביכער
יודישע שריפטשטעלער
צוזאַמען 62 ביכער
בלויז 5 רו"ב.

---

דער צוועק פון דער דאָזיגער אונטערנעמונג איז צו בעקאַנען דעם יודישען לעזער מיט די בעסטע ווערק וואָס עס האָט געשאַפען דער אייראָפּעאישער גייסט און דערמיט אַריינטראָגען אַ פרישען שטראָם אין דער יודישער ליטעראַטור.

די „אייראָ-עאישע ליטעראַטור" וועט אין פערלויף פון אַ יאָהר ערשיינען 50 ביכער אומגעפעהר אַלע וואָך אַ ביכעל.

---

אין די 50 ביכער „אייראָפּעאישע ליטעראַטור" וועלען קומען איבערזעצונגען פון די בעריהמטע שריפטשטעלער פון דער וועלט אין אַלע שפראַכען, ווי פון דער דייטשער, ענגלישער, נאָרוועגישער, דענישער, שוועדישער, פראַנצויזישער, אונגאַרישער, פּוילישער, רוסישער און אַנדערע. יעדעס בוך וועט ענטהאַלטען: סקיצען, ערצעהלונגען, נאָוועלען, געדיכטע און ראָמאַנען. אויסער דעם וועט אין יעדען העפט קומען אַן אָבטיילונג אייראָפּעאישער הומאָר, הומאָרעסקען פון די וועלט בעריהמטע הומאָריסטען און סאַטיריקער. פּרייז פיר יעדעס בוך 10 קאָפּ' פיר אַבאָנענטען פון דער גאַנצער סעריע 50 ביכער 5 רובל. די אַבאָנענטען בעקומען אומזאָנסט אלס פּרעמיע 12 ביכער פון די אָריגינעלע „יודישע שריפטשטעלער". יעדען מאָנאַט אַ בוך. צווישען וועלכע עס וועלען זיך געפינען די נייעסטע ווערק פון שלום אַש, אברהם רייזען, י. ל. פּרץ, ה. ד. נאָמבערג, פּרץ הירשביין, א. י. וויסענבערג, יונה ראָזענפעלד און אַנדערע.

אין איינצעל פערקויף וועט יעדעס בוך פון דער פּרעמיע פון אָריגינעלע „יודישע שריפטשטעלער" קאָסטען פון **20** ביז **25** קאָפּ'.

---

אַבאָנירענדיג די „אייראָפּעאישע ליטעראַטור" וועט דער לעזער ענדע יאָהר בעזיצען אַ ביבליאָטעק פון **50** ביכער פון די גרעסטע וועלט בעריהמטע שריפטשטעלער, דיכטער און ראָמאַניסטען; און **12** ביכער פון די גרעסטע און בעריהמטע יודישע דיכטער און שריפטשטעלער.

# צוזאַמען 62 ביכער.

## בלויז פאַר 5 רו"ב

---

די יעהרליכע אַבאָנענטען קענען איינצאָהלען דעם אַבאָנאַמענטס-פּרייז — **5** רובל — אין פאָלגענדע ראַטעס: ביים אַבאָנירען 1,50 רובל, ביים 10-טען ביכעל—1,50 רובל, ביים 20-טען ביכעל—1 רובל, און ביים 30-טען ביכעל דעם לעצטען רובל.

די אַבאָנענטען פון די „אייראָפּעאישע ליטעראַטור", וואָס שיקען אַריין דעם אַבאָנאַמענטס-פּרייז דירעקט אין פערלאַג „פּראָגרעס" קענען בעקומען אויסער די 12 אומזיסטיגע פּרעמיעס „יודישע שריפטשטעלער" אויך פאָלגענדע ביכער: 1) אַ נייער באַנד דראַמאַטישע שריפטען פון י. ל. פּרץ רייך אילוסטרירט מיט פאַרבען. פּרייז 1,25 ר' — פאַר **65** קאָפּ' מיט פּאָרטא 90 ק'; 2) שריפטען פון אברהם רייזען, ערשטע 2 בענדער „געזאַמעלטע לידער" און „מענשען און וועלטען". פּרייז 2,50 ר'—פאַר **1** ר' מיט פּאָרטא 1.50; 3) שריפטען פון אברהם רייזען דריטער נייער באַנד. פּרייז 1 רובל— פאַר **50** קאָפּ' מיט פּאָרטא 75 קאָפּ'; 4) קונסט און לעבען, 4 זאַמעלביכער, רעדאַגירט דורך אברהם רייזען. פּרייז 80 ק'—פאַר **40** ק' מיט פּאָרטא 65 ק'; 5) גינצ טייל „הויזפריינד" אין 2 גרויסע בענדער, פּרייז 2 ר'—פאַר **1** רובל מיט פּאָרטא 1.50.

די וועלכע פערלאַנגען 2 פּרעמיעס, צאָהלען פיר פּאָרטא 50 קאָפּ', די וועלכע פערלאַנגען אַלע 5 פּרעמיעס צאָהלען פיר פּאָרטא בלויז 75 קאָפּ.

אדרעסע פון רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע:

Книгоизд. „Прогрессъ"
Я. Лидскій, Варшава, Налевки 36.

Verlag „Progress"
J. Lidski, Warschau, Nalewki 36.

